# שטערן

לי̤טעראריש־
קינסטלערישער
און פּאָליטיש־
וויסנשאפטלעכער
כ ו י ד ע ש ־
זשורנאל





2

מינסק — 1939

## אינהאלט

| | |
|---|---|
| | זײַט. |
| נאדעזשדא קאָנסטאנטינאָװנא קרופסקאיא | 1 |
| סאָרע קאהאַנ — קרופסקאיא (ליד) | 4 |
| איציק פעפער — דרײַ מעשאָלים | 5 |
| מ. דאניִעל — אינ א סטאָליערשנ װארשטאט | 10 |
| מ. ליפשיץ — פונ א פּאָעמע | 21 |
| ב. אָלעװסקי — אָנהײב לעבנ (דערציילונגענ) | 26 |
| י. קאָטליאר — לידער | 48 |
| א. װערגעליס — לידער | 51 |
| ראָכל בראָכעס — א כאסענע (דערציילונג) | 53 |
| פונ פאָלקלאָר — ליד | 69 |
| א. קוטשער — עדואַרד סאמויליאָנאָק | 71 |
| מ. בעלענקי — דער דיִאלעקטישער מאטעריִאליזמ — די פילאָסאָפיע פונ דער לעניניש־סטאלינישער פארטיי | 78 |
| א. בראכמאנ — פונ דער געשיכטע פונעמ יִדישנ קלעריקאליזמ אינ רוסלאנד | 91 |
| ביבליִאָגראפיע | 110 |

פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערן

№ 2 — פופצנטער יאָרגאנג — 1939 פעווראל

אָרגאן פון פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פון ווססר

# צו קענטעניש פון אלע אָרגאניזאציעס פון אלקפּ(ב)

לויטן באשלוס פון פלענום פון צק אלקפּ(ב) איז די עפענונג פונעם אָרדנטלעכן XVIII צוזאמענפאָר פון אלקפּ(ב) באשטימט געוואָרן אפן 10־טן מארט 1939 יאָר.

## טאָג-אָרדענונג פון XVIII צוזאמענפאָר:

1. באריכט-פאָרטראגן: פון צק אלקפּ(ב)—פאָרטרעגער כאווער **סטאלין**, פון דער צענטראלער רעווידיר־קאָמיסיע—פאָרטרעגער כאווער **וולאדימירסקי**, פון דער דעלעגאציע פון אלקפּ(ב) אין אויספּירקאָם פון קאָמינטערן—פאָרטרעגער כאווער **מאנויִלסקי**.
2. דריטער פינפיאָריקער פּלאן פון דער אנטוויקלונג פון דער פאָלקס־ווירטשאפט פון פססר—פאָרטרעגער כאווער **מאָלאָטאָוו**.
3. ענדערונגען אין סטאטוט פון אלקפּ(ב)—פאָרטרעגער כאווער **זשדאנאָוו**.
4. וואלן פון א קאָמיסיע אפן ענדערן די פּראָגראם פון אלקפּ(ב).
5. וואלן פון די צענטראלע פּארטיי־אָרגאנען.

## די נאָרמע פון פאָרשטייערשאפט און די אָרדענונג פון די וואלן:

1) 1 דעלעגאט מיט באשטימונג־רעכט אף 1000 מיטגלידער פון פּארטיי.

2) 1 דעלעגאט מיט בארא‌טונג־רעכט אף 2000 קאנדידאטן אין מיטגלידער פון פּארטיי.

3) די וואלן ווערן דורכגעפירט דורך א פארמאכטער (געהיימער) אָפּשטימונג אף די געגנטלעכע, קאנטישע פּארטיי-קאָנפערענצן און צוזאמענפאָרן פון די נאצ־קאָמפּארטייען. אין דער אוקראַיִנישער, ווײַסרוסישער, קאזאכסטאנישער און אוזבע־קיסטאנישער פּארט־אָרגאניזאציעס ווערן די וואלן פון דעלעגאטן אפן צוזאמענפאָר דורכגעפירט אף די געגנטלעכע פּארטיי־קאָנפערענצן.

4) די קאָמוניסטן, וועלכע געפינען זיך אין די פּארטיי־אָרגאניזאציעס פון דער רויטער ארמיי, פון מיליטערישן יאם־פלאָט און טיילן פון נקווד, פירן דורך די וואלן פון דעלעגאטן אפן XVIII צוזאמענפאָר צוזאמען מיט די איבעריקע פּארטיי־אָרגאניזאציעס אף די געגנטלעכע, קאנטישע פּארטקאָנפערענצן אָדער צוזאמענפאָרן פון די נאצקאָמפּארטייען.

סעקרעטאר פון צק אלקפּ(ב) **י. סטאלין.**

# פונעם צענטראַל-קאָמיטעט פונ דער אַלפארבאנדישער קאָמוניסטישער פארטיי (באָלשעוויקעס) אונ ראט פונ די פאָלקס-קאָמיסארנ פונ פססר

דער צענטראל-קאָמיטעט פונ דער אלפארבאנדישער קאָמו-ניסטישער פארטיי (באָלשעוויקעס) אונ דער ראט פונ די פאָלקס־קאָמיסארנ פונ פססר טיילנ מיט מיט טיפנ טרויער דער פארטיי, דעם ארבעטער-קלאס אונ אלע ארבעטנדיקע, אז דעם 27-טנ פעווראל, 6 אז. 15 מינ. אינדערפרי, איז אינ מאָסקווע נאָכ א שווערער קרענק געשטאָרבנ דער עלטסטער מיטגליד פונ פארטיי, נאָענטסטער מיטהעלפער פונ וו. אי. לענינ, מיטגליד פונ צק אלקפ(ב), דעפוטאט פונ איבער-ראט פונ פססר

## כאווערטע נ. ק. קרופסקאַיאַ.

דער טויט פונ דער כאווערטע קרופסקאיא, וועלכע האָט אָפגעגעבנ דעמ גאנצנ לעבנ דער זאכ פונ קאָמוניזמ, איז א גרויסער פארלוסט פאר דער פארטיי אונ די ארבעטנדיקע פונ פארבאנד ססר.

**צענטראל-קאָמיטעט פונ דער אלפארבאנדישער קאָמוניסטישער פארטיי (באָלשעוויקעס).**

**ראט פונ די פאָלקס-קאָמיסארנ פונ פססר.**

סאָרע קאהאַן

# קרופסקאַיאַ

יעדער לעבן טראָגט נאָך זיך א טויט,
נאָר ניט יעדער טויט טראָגט נאָך זיך א לעבן,
דו געהערסט צו די, וואָס האָבן עס פארגרייט,
דו האָסט דײַן לעבן ניט דעם טויט—דער וועלט אוועקגעגעבן.

און איצט ווען ס'דוכט, דײַן לעבן איז פארבײַ
און עס טרויערט אונדזער לאַנד פון גרויס ביז קליין,
שטייט אויף פאר אונדז דײַן לעבן אזדאָסנײַ
אין גאנצן גרויס דײַנעם קרישטאָליק ריין.

דאָס גאנצע לעבן געשטאַנען אף דער וואַך,
און ס'האָט געלויכטן דײַן געזיכט,
ווען מיט לענינען צוזאַמען האָסט געבראַכט
צו אונדז דאָס ערשטע שטיקל ליכט.

און ביז דײַן לעצטן טאָג, און ביז דײַן לעצטער שאָ
איז דײַן הארץ, דײַן קאָפּ מיט איינס געווען פארנומען.
אז יעדער קינד אין לאַנד, יעדער קינד אָט־דאָ
זאָל דעם גאנצן קוואַל פון וויסנשאַפט באַקומען.

כ'האָב קיינמאָל ניט געזען דיך, מײַן פרײַנט,
נאָר כ'האָב געקאָנט דיך אויסגעצייכנט,
דײַן ליכטיקער געשטאַלט איז שטענדיק, ניט נאָר הײַנט
אין הארצן טיף בא מיר פארצייכנט.

עס רײַסט זיך הײַנט מײַן ליד דורך טרערן אינדערהויך
און עס ווילט זיך מיר דער גאנצער וועלט הײַנט זאָגן,
א שטיקל פון דײַן לעבן האָב איך געיאַרשנט אויך
און בא דײַן קיווער שווער איך מיט ערע אים צו טראָגן.

---

איציק פעפער

# דרײַ מעשאָלים

## די באָרד

בא אונדז אין שפּאָלע האָט געלעבט א ייִד,
ניט קיין פּראָסטער כּײַוועקאיעם,
אפ זײַן סערדעט, דעם ליסטרענענעם און שטענדיק נײַעם
האָט ווי א פּײַער־שטיק זײַן לאנגע באָרד געגלים...

א פּײַנע באָרד, ניט שאיעך זאָגן,
ער האָט ווי א לאמטערן זי געטראָגן
און ווי אן אוצער זי געהיט.

אין א רעדל, אין א שמועס, אפ אן אסיפע
האָט אונדזער העלד, רעב יאנקל, זעלטן איבעראשט די וועלט
מיט אײַנפאלן מיט קלוגע און מיט טיפע,
און שטענדיק נאָר די באָרד ארויסגעשטעלט,
ווײַל זעלטן פלעגן בא אים א בליץ טאָן א געדאנקל,
נאָך זעלטענער אן אייגן וואָרט,
און שפּאָלע האָט פארגעסן שוין זײַן נאָמען: יאנקל,
און שפּאָלע האָט גערופן אים: די באָרד!

די באָרד האָט אים געמאכט בארימט אפ גאָר דער וועלט,
די באָרד האָט אים אפ זײַנע פיס אוועקגעשטעלט,
ווען ניט די באָרד וואָלט אים דער נאר, וואָס זיצט אין אים, געקוילעט
און ווען א צווייטער האָט גערעדט,
האָט ער די באָרד געגלעט
און יעדער געגנל זײַנס האָט אלעמען געמאָלדן קלאָר און בוילעט:
— איר צוציקעס, קונדייסימלעך אָן בערד
האָט איר די ווערט
א זעץ אין דר'ערד!

איז איינמאָל, ווען א ייִנגל פונעם דריטן קלאס
א יאט א כאָכעם,
דערהערנדיק מע שמועסט וועגן הייכע דראָכים
האָט אויך א זאָג געטאָן: די ערד איז קײַלעכדיק און דרייט זיך!

האָט אונדזער יאַנקל אויסגעשאָסן מאָלע קאָס, פאַרשטייט זיך:
— פון וואַנען ווייסטו דאָס
און וואָס פאַרשטייסטו וואָס?
ער שטופּט זיך אויך אין קאָן,
קוקט אים נאָר אָן,
א מאַשל מיט קאַבאַק.
ווען אונדזער ערד זאָל זיך שוין דרייען, וואָלט זי געמאַכט עס מיט א קנאַק,
ס'איז אונדזער גליק, וואָס אונדזער ערדל האַלט זיך אָפּ אן אָרט
האָט ער געמאָלדן—און א גלעט געטאָן די באָרד...

דאָס לעבן וואָלט געגאַן בא יאַנקלען צוקער־זיס,
נאָר ס'האָט די באָרד זיך אָנגעהויבן פּלאָנטען בא די פיס,
זי האָט אליין שוין אָנגעהויבן קלערן
אז דער גאַנצער קאָוועד פונעם באַלעבאָס הויבט אָן שוין איר אליין, דער באָרד, געהערן!

דאָס האָט אַרויסגערופן גרויס פאַרדראָס
באַם באַלעבאָס
ער האָט באַשטימט, אז ס'וועט שוין בעסער זײַן פאַר ביידן
זיך צעשיידן.

דאָס לעצטע מאָל האָט ער זײַן בערדל אויסגעשאָלטן,
דער שערער האָט א נעם געטאָן דעם קאָלטן
א שניק געטאָן! דער נאַר
האָט גלײַך געטאָן פון אים א שפּאַר
די וועלט האָט אים דערזען אן אָפּגעגאָלטן!

פון דעמלט איז אַוועק דאָס גלײַכע וואָרט:
די כאָכמע איז בא אים געלעגן אין דער באָרד.

## צוויי טײַכלעך

ניט ווײַט פון בלויען יאַם,
מיט גרויסע וואַסערן צעשיידטע,
צי סטאַם
אָפּ וועגן ברייטע
ווײַנען צוויי טײַכלעך רויִקע געלעגן,
האָבן צוויי טײַכלעך לויטערע געלעבט,
די וואַסער האָבן זיי פאַר זיך געשעפּט
פון רעגן.

א מאָל פלעג בלויז א דורכגייער פונ ווײַטע וועגנ
מיט דאָרשט אינ בליקנ
דאָס הארצ דערקוויקנ,
א ווילדע ציג פלעגט קומענ נאָכ א טרונק,
פלעג טאָנ דאָס מוטנע וואסערל א קלונג
אונ ווידער שא אונ ווידער שטיל...

אזוי זײַנענ די טעג געגאנגענ אָנ א ציל
ביז איינמאָל האָט א טײַכל זיכ פונ אָרט א הויב געגעבנ
אונ זיכ געלאָזט אינ וועג
אנ אנדער ברעג
געפינענ אינעמ לעבנ,
געשפאנט האָט עס צומ צומ גרויסנ יאמ, צומ בלויענ:
— וווהינ? מעגסט מיר דעמ סאָד פארטרויענ!..
האָט שטיל געזאָגט דאָס צווײַטע
מיט פארדאכט:
— ס'איז עפשער ענג דיר אפ די וועגנ אפ די ברייטע?
אונ זיכ צעלאכט.

נאָר יענצ האָט שוינ באשטימט: געגוג געלעגנ,
עס ציִענ פונ דער ווײַטנ גרויסע שיפנ, ברייטע שטראָמענ, הויכע ברעגנ
אונ ס'איז געגאנ.
עס ווייסט: אבי געדולד איז נאָר פאראנ
אונ סייכל,
וועסטו שוינ אלצ דערגרייכנ!
דורכ בערגלעכ אונ דורכ גערטענער איז דאָס געשווימענ,
אונ לויט די שטערנ אינעמ הימל
דעמ וועג בעצייכנט,
געקליבנ קליינע וואסערלעכ אינ וועג
(פונ טראָפנס ווערט געבוירנ א פארמעגנ!)
געקומענ צו דעמ יאמ דעמ בלויענ אונ געווענ א שיינער גאסט!

אונ יענצ, וואָס האָט פונ דעמ געשפאסט
אונ האָט געוואָלט אליינ
אונ איינזאמ ווי א שטיינ
זיכ אָפלעבנ די יאָרנ,
ניט וויסנדיק פונ גרויסער וועלט, פונ פרײַנט—פונ שטראָמענ,
איז שוינ פונלאנג א טרוקעניש געוואָרנ,
זײַנ נאָמענ
איז מיט הרודעס שוינ פארשיט
אונ מיט בוריקעס מיט שטעכיקע פארבליט.

דער מאָשל איז ניט סטאַם;
און אפֿן נימשל דאַרף מען שוין ניט פרעגן:
ס׳איז בעסער זײַן א כוואַליע אינעם יאַם,
ווי זײַן א רויִק טײַכל אפֿ די וועגן.

## דער שפּין און דאָס אייזל

אין איינעם א באַגין
האָט אין א שטאַל א פּאָשעטסער, א פּראָסטער שפּין
געוועבט א נעץ פֿאַר פֿליגן
און פּלוצלינג זעט ער בעניבײַ
אין הײַ
אַן אייזל ליגן...

דער שפּין האָט עס באַקוקט: ווי גרויס דאָס אייזל איז
און האָבן האָט עס נאָר פֿיר פֿיס
צום טאַנצן,
איין עק אינגאַנצן,
צוויי לאַנגע אויערן, א פֿערדיש מויל,
עס ליגט און רוט פֿאַרהאָרעוועט, פֿאַרשמאַכט,
דער שפּין האָט זיך צעלאַכט:
— „גענוג וואָס דו ביזט קלוג ביזטו נאָך פֿויל!
דו לערן זיך בא אונדז, די שפּינען,
ווי אַרבעטן און ווי דאָס גליק געפֿינען“,

דאָס אייזל ליגט אפֿ דר׳ערד
און הערט,
ס׳האָט ליב געהאַט דער שפּין א דראָשע האַלטן,
(מיר וועלן זײַנע מײַלעס ניט באַהאַלטן...)
— נו קוק:
ווי שפּינען זײַנען קלוג,
מיר ווילן—ווינען מיר אי שטיל, אי אָרעם,
מיר אַרבעטן ניט ראַשיק
ערגעץ אונטער א פּידאַשעק,
מיר ווילן—ווינען מיר אין פּאַלאַץ פֿון קייסאָרים,
מיר קאָנען זיך דערקלײַבן ביזן טראָגן!
וווּ שפּאַרן מיר ניט אָן?
ווען ס׳וואַרעמט זיך דער זײַדע בא דער הרובע
איז אונדזער אוילעם איבער אים פֿאַראַן,
אין ווײַטן שטיבל אפֿן אינדזל קובע,

אינ ווינקלענ הייליקסטע פונ וואטיקאנ,
ווּוהינ
דו וועסט א קוק טאָנ—זעסטו אונדז, דעם שפינ!

דאָס אייזל שאָקלט מיטנ קאָפּ
דער שפינ רעדט אלצ, אונ שטעלט זיכ גאָר ניט אָפּ:
מיר ווייסנ וואָס מע מעג אונ וואָס מע טאָר ניט,
עס ווייסט די גאנצע ערד,
מיר ארבעטנ ווי פערד,
די אייזלענ זײַנענ פויל אונ טוענ גאָרניט!

דאָס אייזל כראָפּעט שטיל,
דער שפינ רעדט ווײַטער מיט געפיל:
— איר זענט די פוילסטע אונ די נארישסטע פארשוינענ
אונ אייביק וועט איר דאָ אינ היי
האָדעווענ די פעטע פליי,
אונ העכער פונ דער שטאל וועט איר ניט ווױנענ!
אונ אלצ געהער די שפינענ פאר איינ זאכ
זיי ארבעטנ אסאכ!

דאָס אייזל, וואָס האָט אַנגעהאָרעוועט זיכ שרעקלעכ,
געשלעפּט אפּ זיכ די שווערסטע פעקלעכ
האָט שטיל גערוט,
א פארגעניגנ האָט געשפּרייט זיכ אינעם אייזלס בלוט,
ס'האָט ניט געהערט די פוסטע פלאפּלערײַענ
אונ דעם פיסק געצויגנ צו די קלאיענ...
נאָר ווענ דאָס אייזל האָט דערהערט: „זיי ארבעטנ אסאכ",—
האָט עס א קוק געגעבנ אפנ דאכ,
דערזענ פונ ווײַטנ ווי א שפינ האָט גוואלדיק פארגעניגנ
פונ וועבנ שפינוועבס אונ פונ כאפּנ פליגנ,
האָט עס געטאָנ א לאכ,
אונ אפּ דער אייזל־שפּראכ
א זאָג געטאָנ אָנ פוצנ—
— אינ אײַער ארבעט זע איכ ניט קיינ נוצנ!
מיר קאָנענ צווישנ מענטשנ אויכ,
וואָס שרײַענ הויכ
אונ רימענ זייער גוואלדיקע פארדינסטנ,
צעבלאָזנ זייער גאנג דעם סאמע מינדסטנ,
זיי פילדערנ, זיי פּאָטיענ אונ זיי פּינענ
אונ געבנ געבנ זיי ניט מער פונ שפּינענ.

---

מ. דאניִעל

# אין א סטאָליערשנ וואַרשטאַט

— איכ האָב וואָלפנ אינ דער ערד! נײַע באַלעבאַטים אפ מײַנ קאָפּ!

אינ ייִסראָעלס גרויסנ סטאָליער־וואַרשטאַט, ווו עס אַרבעטנ צוועלפ אַרבעטער, איז איצט אכוצ יאָסלענ קײנער ניטאָ.

זעקס וואַרשטאַטנ שטייענ פּאַרלאָזנ־שטום.

בא יאָסלענ איז דאָס פּאָנעם צעקרימט פונ אקשאָנעס. ווי עמעצנ אפצולאָכעס טרײַבט ער דעם גרויסנ הובל איבער דער צעהויקערטער זײַט פונ א ברעט.

די ברעט ציטערט, קרעכצט, שפּרינגט אונטער זײַנע בײזע, אָפּגעריסענע באַוועגונגענ...

דאָס אָפּגעטעמפטע מעסער פאַרהאַקט זיכ אינ א סוק אונ וויל ווײַטער ניט גײנ. יאָסל ווייסט, אז מע דאַרפ דעם הובל אָפּפירנ צוריק, בײַטנ דאָס מעסער, אָבער ער טוט עס ניט.

זײַנע שווערע בערישע הענט, זײַנ אויבערשטער טײל גופ, זײַנ געבויגענער קאָפּ—אַלצ איז אײַנגעשפּאַנט אונ צוגעקאָוועט צום גרויסנ הובל. ער טרײַבט דאָס אָפּגעטעמפּטע מעסער אַלצ טיפער, טיפער אינ האַרטנ האָלצ. די ברעט קאָנ ניט אויסהאַלטנ זײַנ ווילדנ אימפעט, דערלאַנגט א גרילצנדיקנ געשריי אונ שפּאַלט זיכ פאַנאַנדער...

אינ דער זעלבער רעגע שפּרינגט אַרויס פונ הובל דער מעסער אונ פאַלט אפ דר'ערד.

יאָסל קוקט מיט פּוסטע אויגנ אפ דער געפּלאַצטער ברעט, ווישט אָפּ פונ שטערנ דעם שווייס, וואַרפט אָפּ אינ א זײַט דעם איבערגעפירטנ הובל אונ הייבט אָנ אַרומשפּאַנענ איבערנ פּוסטנ וואַרשטאַט. פונ יענער זײַט וואַנט, פונ דער העלפט, ווו עס לעבט דער באַלעבאָס, דערהערנ זיכ פונקט אזעלכע אָפּגעריסענע אופגערעגטע טריט.

יאָסל הערט זיכ צו, ווי ייִסראָעל שפּאַנט בא זיכ אינ צימער, ווי יענער וואָלט אימ נאָכגעקרימט אונ זיכ געדרייצט מיט אימ. ער בלײַבט שטײנ אינמיטנ צימער, וויל זיכ ווײַטער אײַנהערנ אינ דעם באַלעבאָס טריט, נאָר אינ דער זעלבער רעגע ווערט אינ שכײנישנ צימער שטיל, אונ פונ דער שטילקײַט, פונ די ליידיקע

וואַרשטאַטן רוקט זיך אָן אַף יאָסלען א מאָדנע ניט־זיכערקײַט... די באַקאַנטע כפּייצים פאַרלירן זייער פּאָשעטן באַטײַט און הייבן אָן דראָען מיט סוידעסדיקײַט...

אַף צו באַרויִקן זיך גייט ער צו צום אויסגעלאָשענעם אויוון, שאַרט צונויף א הויפן קינעלעך, טראָגט אונטער א שוועבעלע און בלאָזט פאַנאַנדער א פײַער.

דערנאָך שטעלט ער באַם פײַער א טעפּעלע קליי. ער מישט מיט א דין שפּענדל דעם קליי, פאַרוואַנדלט זײַן האַרטלעכע פאַרגליווערטע מאַסע אין א ווייכער פליסיקײַט און דערמאָנט זיך אין זײַן יוגנט, די צײַט, ווען ער איז אַהער געקומען זיך לערנען די מעלאָכע.

א זומערדיקער אָוונט איז עס געווען.

ייִסראָעל גאַרבערס גאַנץ הויזגעזינד איז דעמלט געזעסן באַם טיש און גע־טרונקען טיי.

יאָסל איז געשטאַנען בא דער טיר און געוואַרט, מע זאָל אַף אים א קוק טאָן. ייִסראָעל איז אופגעשטאַנען פונעם אָרט, צוגעגאַנגען ניט־געײַלט צו דער טיר און שטרענג זיך גענומען אויספרעגן בא אים:

— ווי רופט מען דיך?

— יאָסל.

— פונוואַנען?

— פון שטעטעלע אַלעקסאַנדראָווסק.

— וויפל יאָר אַלט?

— פערצן.

— עלטערן האָסטו?

— א מוטער.

— וואָס האָסטו ביז איצט געטאָן?

— גאָרנישט.

— וואָס הייסט גאָרנישט?

יאָסל לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן.

ייִסראָעל גייט אַוועק צוריק צום טיש, זעצט זיך אַף זײַן אָרט און טרינקט ווײַטער זײַן טיי. יאָסל שטייט אַלץ בא דער טיר. ער איז אָנגעטאָן אין צעריסענע מאַלבושים, און די קורצע אַרבל פון זײַן רעקל באַווײַזן צוויי גרויסע, רויטע הענט.

יאָסלען דאַכט זיך, אַז ער שטייט דאָ שוין לאַנג, זייער לאַנג, און דער מאָדנער ייִד מיטן מאָדנעם פערדישן פּאָנעם, מיט די אײַנגעפאַלענע באַקן און שיטער בערדל האָט פאַרגעסן אָן אים...

— וואָס שטייסטו בא דער טיר, ווי אַן אָרעמאַן... קום צום טיש, זעץ זיך. ראָכל, גיב אים אָן א גלאָז טיי...

אין עטלעכע רעגעס אַרום זיצט ער שוין באַם טיש, ראָכל גיסט אים אָן א גלאָז טיי. ראָכל איז זייער א שיינע. זי איז אָנגעטאָן אין א ברוינ קלייד מיט א ווײַס אויסגעשטיקט קעלנערל.

צוויי לאַנגע צעפּ זײַנען פאַרוואָרפן פון הינטער די פּלייצעס און פאַלן אַפן הויכן מיידלשן בוזעם. די אויגן זײַנען בא איר פריילעכע, און דאָס גאַנצע פּאָנעם

אירט האָט דעמ אויסדרוק ווי אָט־אָט וועט זי אויספראלנ א הילכיק געלעכטער... בא יאָסלענ טרייסלענ זיכ די הענט, אונ דאָס פּאָנעמ פלאמט פאר כארפע. ער האָט מוירע, אז ער האלט ניט ווי עס באדארפ צו זײַנ די גלאָז טיי אינ האנט, די הענט זעענ אימ אויס אומגעלומפּערט גרויס.

אונ ראָכל שעמט זיכ ניט. זי קוקט מיט נײַגער אפנ מאָדנעמ קליינשטעטלדיקנ יונג מיט די באָרוועסע פיס, פארברענט פּאָנעמ אונ געזונטע הענט. איר געפעלט, וואָס ער רויטלט זיכ יעדעס מאָל, ווענ ער הייבט אופ דעמ קאָפּ אונ באגעגנט איר נײַגעריקנ בליק.

יִסראָעל הייבט זיכ אופ דער ערשטער פונ טיש, אונ די שטימ זײַנע קלינגט ווידער שטרענג:

— קומ אינ הויפ...

אינ הויפ שלעפּט ער ארויס פונ שטאל עטלעכע דיקע שײַטלעכ האָלצ, גיט דעמ יִנגל א שארפע האק אונ באפוילט אימ שפּאלטנ.

יאָסל פארהייבט די האק איבערנ קאָפּ, קלײַבט צונויפ אינ די הענט דעמ גאנצנ יִנגלשנ קויעכ אונ הייבט אָנ מיט רוגזע שפּאלטנ.

די דיקע שײַטלעכ האָלצ דערשרעקנ זיכ פאר זײַנ אימפּעט. זיי צעשפּאלטנ זיכ אונטער די ערשטע קלעפּ זײַנע. די האק איז פארקוועטשט אינ זײַנע גרויסע גע־זונטע הענט. זי לויפט ארופ אונ אראָפּ מיט אסאכ פארביטערטקײַט, ווי ער וואָלט א בלוטיקנ סוינע געשלאָגנ.

— גענוג! גענוג!

יִסראָעל איז צופרידנ, נאָר ער ווײַזט עס ניט ארויס.

— קומ אינ ווארשטאט.

אינ ווארשטאט איז איצט קיינער נישטאָ. ער שטעלט אימ אוועק בא איינעמ פונ די זיבנ ווארשטאטנ, פארשרויפט א ברעט, גיט אימ א גרויסנ הובל אונ הייסט אימ פירנ איבער דער צעשטשעבעטער ברעט.

יאָסל נעמט געניט דעמ הובל אינ האנט, פירט אימ פּאָרזיכטיק איבער דער צעקארבטער אויבערפלאכ. די ברעט ווערט אונטער זײַנע הענט גלאט...

— דו האָסט זיכ געלערנט סטאָליערײַ?

— ניינ.

יאָסל זאָגט א ליגנ. עמעס, קיינ סטאָליערײַ האָט ער זיכ קיינמאָל ניט געלערנט, אָבער פונ די יִנגסטע יאָרנ האָט ער ליב געהאט שפּאלטנ, טעסענ, הובלענ, בויענ. די גרויסע הענט האָבנ שטענדיק געבענקט נאָכ געצײַג. אינ די לעצטע צוויי יאָר נאָכנ טויט פונ זײַנ פאָטער איז ער אומגעגאנגענ איבער די שטעטלדיקע הויפנ אפּ שווארצ־ארבעט.

יִסראָעל פירט אימ ווידער ארײַנ צו זיכ אינ עסצימער, איז אימ מעכאבעד מיט א זאטנ אָוונטברויט, שיקט ארויס דאָס ווײַב אונ טאָכטער אונ רעדט זייער מילד:

— דו וועסט בא מיר לעבנ, ווי אנ אייגנ קינד. איכ נעמ דיכ אפּ פיר יאָר אינ דער לער. געלט איז ניט שײַעכ, אָבער מיט א קלייד, א שוכ אונ מיט עסנ וועסטו זײַנ באזאָרגט... שלאָפנ וועסטו אינ ווארשטאט... מיט די גראכיטעליעס, איכ מיינ

מיט די אויסוווּרפן, זאָלסטו קיין מאגע־מאסע ניט האָבן... ווערסט זיך פון זיי קיין גוטס ניט אויסלערנען... כאמולעס, זיי ווייסן נאָר פאָדערן געלט און ווילן ניט ארבעטן... יאָ, דאַוונען ווערסטו מיט מיר אין סטאָליערשן בעסמעדרעש... איך זע, אז דו ביסט א טאטנס א קינד...

די ווינטערדיקע טונקלקייט זעצט זיך אָפּ אין ליידיקן וואַרשטאַט געדיכט און שווער; מע קאָן זי מאַמעש אָנטאַפּן מיט די הענט. יאָסל שטייט באַם אויוון, קוקט אפן פייער. דער קליי איז שוין לאַנג פאַרטיק און ער ווייסט ניט, צוליב וואָס ער האָט אים געקאָכט.

מיט א פייַנלעכן פאַרגעניגן שלעפּט ער ארויס פון זיקאָרן א צווייטן אָוונט, א צווייטע באַגעגעניש מיטן באַלעבאָס.

ייִסראָעל האָט אין יענעם אָוונט געגרייט א יאָנטעוודיקן טיש. מיט לעקעך, בראַנפן, געהאַקטע לעבער און אויבסט. יאָ, דאָס האָט פאַסירט פונקט דאַן, ווען עס האָבן זיך געענדיקט די פיר יאָר לער און ער האָט אים באַדאַרפט באַשטימען זיבן רובל א וואָך, ווי א גוטן ארבעטער.

— פאַרשטייסט? באַ דיר איז א פלינקער קאָפּ און גאָלדענע הענט... דו האָסט זיך די פיר יאָר געפירט לײַטיש, זייער לײַטיש און איך בין שוין אַלט, אַלט...

יאָסל פאַרשטייט ניט, וואָס ייִסראָעל וויל דערמיט זאָגן.

— וואָס איז דאָ ניט צו פאַרשטיין?—צופּט ייִסראָעל דאָס שיטערע בערדל, און זיין לאַנג פערדיש פּאָנעם שמייכלט מיט צוגעמאַכטע אויגן, ווי ער וואָלט מיספּאַלעל געווען,—באַ מיר וואַקסט א געראָטענע טאָכטער... נאָך א יאָר, נאָך א יאָר, מע באַווײַזט זיך ניט ארומקוקן—און מע דאַרף זי פירן צו דער כופּע.

— וואָס פאַר א שייַכעס האָט עס צו מיר?

— עס קאָן האָבן א שייַכעס, און גאָר א נאָענטע שייַכעס...

— דעהײַנע?

— דעהײַנע. ראָכל וואַקסט אונטער... און אויב דו ווערסט זיך פירן, ווי א לײַטישער יונגערמאַן, קאָן זייער זײַן, אז דאָס מיידל, דער וואַרשטאַט, די מעבל־קראָם, מײַן גאַנץ פאַרמעגן זאָל געהערן צו דיר, פונקט ווי צו מיר. ראָכל איז דאָך באַ מיר אַן איינציקע. מער קיין קינדער האָב איך דאָך ניט...

יאָסל זיצט א צעטומלטער און ווייסט ניט וואָס צו זאָגן. ער וויל דאַן פרעגן, צי ער וועט אים צאָלן די זיבן רובל א וואָך, ווי א דערוואָקסענעם ארבעטער, אָבער ייִסראָעל פאַרענדיקט פלוצעם דעם שמועס:

— איצט גיי צום וואַרשטאַט, באַטראַכט מײַנע ווערטער און קום מאָרגן. די גראַביטעליעס דאַרפסטו וועגן אונדזער שמועס גאָרניט ניט זאָגן, קיין וואָרט ניט. פאַר קינע, וואָס דו ווערסט מײַן איידעם, וועלן זיי דיר פאַרטאַמען דאָס לעבן און דו וועסט דאַרפן פון מיר אוועקגיין... פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען...

יאָסל באַמערקט ניט, ווי דאָס פײַער ווערט קלענער, טונקעלער און לעשט זיך אויס. ער שטייט מיט אַן אָנגעשפּאַרטן קאָפּ אפן פּויסט און טראַכט וועגן די לעצטע פיר יאָר.

„א געטרײַער הונט בין איך באַ אים געוואָרן, און ניט קיין איידעם!"

ער דערשרעקט זיך פאַרן פינצטערן סאַכאַקל, וואָס ער האָט נאָרװאָס אונטער־געפירט. הייבט אויף דעם קאָפּ און דערזעט אין טיר דעם באַלעבאָס.

א רויטקײַט באַגיסט זײַן פּנים, פּונקט ווי מע וואָלט אים געכאַפּט בײַ א גנייווע. ער גייט אַוועק אין צווייטן ווינקל, זעצט זיך אויף א קעסטל, בייגט אַראָפּ דעם קאָפּ און וואַרט, עס זאָלן זיך שוין אָנהייבן די פּײַניקונגען.

שוין העכער זעקס כאָדאָשים, זינט ראָכל איז פון דער היים אַוועק, לאָזט ייִסראָעל אויס דעם כאַס צו יאָסלען, פּונקט ווי ער איז עס שולדיק אין איר אַוועקגיין. ייִסראָעל ווייסט גוט, אַז צווישן די צוועלף אַרבעטער, וועלכע האָבן מיט אַכט טעג צוריק געוואָרפן די אַרבעט, געמאָלדן א שטרײַק, האָט אים קיינער אַזוי ניט פֿײַנט, ווי יאָסל, זײַן צוקינפטיקער איידעם... דערפאַר פאַלן זײַנע ווערטער אין פוסטן צימער אַזוי גאַליק:

— וואָס? וואַרטסט שוין אויף מײַן טויט? ווילסט מיך שוין יאַרשענען?.. א מויערל ניט קיין שלעכטס אויסגעבויט? א הויף, שטאַלן, א מעבל־קראָם—א פאַרמעגן אין די טויזנטער?.. און ראָכל איז א מויד, אַזא יאָר אויף מיר—שיין, געזונט, געבילדעט... און ווער ביסטו? א האַלעדראַנעץ, א גאָרנישט מיט א נישט! וואָס פאַרמאָגסטו? א פּאָר פאַרלאַטעטע וועש און א פערדישן קאָפּ... ווײַל אויב דו וואָלסט פאַרמאָגט סייכל, וואָלט ראָכל גאַנצע טעג ניט אָפּגעלעגן בײַ די העקדיישים, זיך ניט אומגע־שלעפּט מיט די אויסוואָרפן, וועלכע ווילן מיך ברענגען צו דער טאָרבע...

יאָסל שווײַגט. ער זיצט אין ווינקל פונעם גרויסן וואַרשטאַט, קוקט פון דאָרטן אַרויס, ווי א פאַריאָגטע כײַע אין א שטײַג, און טראַכט מיט באַהאַלטענער סינע.

„רייד, רייד, זאָל פּלאַצן בײַ דיר די גאַל. נאָך דער כאַסענע וועל איך דיך סײַוויסײַ באַגראָבן... פאַר אַלץ וועסטו מיר באַצאָלן, בלוטזויגער. איך וועל דיך אַרויסיאָגן פון וואַרשטאַט, פון קראָם. איך קאָן דעם פאַך בעסער פון דיר, ראָכל וועט מיר העלפן פירן די קאַסע-ביכער, וואַרט צו, דו וועסט נאָך קומען בעטן בײַ מיר א דרײַערל אויף יאָנטעוו, אַלטער גאַנעוו".

ייִסראָעל ווייסט, וועגן וואָס יאָסל טראַכט. ער האָט אים פֿײַנט, ווײַל ער איז ענלעך אויף אים, און פריִער אָדער שפּעטער וועט ער אים פאָרט יאַרשענען. און עפשער האָט ער הײַנט מוירע פאַר דער שטילקײַט און וויל אין רייד און זידלערײַ פאַרטויבן די שרעק פאַרן שטרײַק־קאָמיטעט.

נו, וואָס שווײַגסטו, טאַכשיט? רייד! טײַנע! מאָן! פאָדער, ווי אַלע אַרבעטער, איך זאָל דיר העכערן די סכירעס... א, איך האָב פאַרגעסן, דו ביסט דאָך ניט קיין אַרבעטער, נאָר מײַן איידעם באַלד, א שותּף צו מײַן פאַרמעגן. די גראַביטעליעס ווילן צונעמען מײַן פּראַצע, מײַן בלוט ביסלעכווײַז... און דו האָסט באַשטימט מיט איינמאָל צונעמען אי דאָס פאַרמעגן, אי די טאָכטער... נו, שטעל זיך צו דער אַרבעט, אָבער געדענק, טאָמער וואָס־הײַנט, עס קומט אַרײַן ווער פונעם שטרײַק־קאָמיטעט, בין איך גיט שולדיק. איך האָב דיך ניט געצוווּנגען. דו ביסט בײַ מיר ניט קיין אַרבעטער, נאָר א שותּף צום געשעפט... א קומענדיקער איידעם... א מאַקע וועלן זיי בײַ מיר אויספירן!..

ביידע וואַרפן אַראָפּ די רעקלעך און שטעלן זיך צו די וואַרשטאַטן, פאַרשרויפן די ברעטער און הייבן אָן יאָגן די הובלען. דינע סטרושקעס שײלן זיך פון די

צעהויקערטע ברעטער, שפּרינגען מעשוגענערווײַז אין דער לופטן און פאַלן צו זייערע פיס, ווי זיי וואָלטן דאָרטן א רעטונג זוכן.

זיי ארבעטן שווײַגנדיק, בײז, יאָגן אריבער איינער דעם אנדערן.

דער ערשטער וואַרפט דעם הובל ייִסראָעל, אים איז שווער צו שטיין אין ליידיקן וואַרשטאַט, וו אַלע טאָג ארבעטן צוועלף ארבעטער, פילן אָן די שטוב מיט געטומל, ראַש, לידער. אים שרעקט די ארומיקע שטילקײַט, אים שרעקט יאָסלס שווײַגן. ער טוט צוריק אָן דעם ראָק און קלײַבט זיך ווידער גיין אין גאַס...

עס עפנט זיך ראַשיק די טיר און אין וואַרשטאַט קומט ראָכל מיט איר שוועסטערקינד וואָלפן. בא ייִסראָעלן צעקרימט זיך דאָס פּאָנעם. מיט א פינצטערן שמייכל גייט ער זיי אנטקעגן, בייגט נידעריק דעם קאָפּ און לעצעוועט:

— א גוטן־אָוונט אַף אײַך, געטרײַע קינדער, געקומען געוואָר ווערן דעם אלטנס טאַטן און פעטער, זען צי ער זשיפּעט נאָך, אָדער שוין אויסגעהויכט די נעשאָמע... נו, וואָס שטייט איר, ווי בעטלער, בא דער טיר? קיין נעראָוועס נעמט איר דאָך ניט. איר פאָדערט דאָך דאָס פּאַרדינסטע... וואַרט, טאָכטער,—דרייט ער אויס דאָס פּאָנעם צו ראָכלען,—דו האָסט אויך צו מיר טײַנעס? וואָס, שלעכט דיך געהאָדעוועט? ניט נעגעבן עסן, טרינקען, ניט געצאָלט אין גימנאַזיע... וויפל בין איך דיר שולדיק? שעם זיך ניט, פאָדער! מאָן! איצט איז דײַן צײַט!

— פעטער, איר רעכנט נאָך לאַנג ריידן?

בא וואָלפן איז די שטים א וואָכעדיקע און דאָס פּאָנעם שטאַרק רויִק.

די רויִקײַט רעגט אוף דעם אלטן. ער שפּרינגט אוש אונטער פאַר קאַס.

— וואָס, ריידן איז מיר שוין אויך פאַרבאָטן?! עפּשער דאַרף מען בעטן א דערלויבעניש בא דײַן שטרײַק־קאָמיטעט, זאָג, לאָמיך וויסן...

— ניין, מע דאַרף ניט קיין דערלויבעניש. אָבער א שאָד פאַטערן צײַט אומזיסט... קומט ארײַן אין צווייטן צימער, איך דאַרף אײַך איבערגעבן די לעצטע באַשטימונג פונעם שטרײַק־קאָמיטעט.

— קום, קום, פּלימעניק געטרײַער, איך וועל דיך מעכאַבעד זײַן מיט א גלאָז טיי... עפּשער האָסטו מיר פאַר איין גאַנג אָפּגעבראַכט די דרײַערלעך און פינפערלעך, וועלכע דער טאַטע דײַנער האָט בא מיר אַף יאָנטעוו גענומען? שוין צײַט! דו ביסט דאָך איצט א גוויר, די גאַנצע וועלט געהערט דאָך אײַך...

— טאַטע, שווײַג! שווײַג, מיך עקלט פון דײַנע רייד,—האַלט ניט אויס ראָכל.

— וואָס, איך געפעל דיר ניט? זוך זיך דיר אַן אנדער טאַטן...

זיי שטייען שוין איינס אנטקעגן. צווייטן, גרייט אָנהייבן אַן אַלטן, אײַנגעגעסענעם קריג. וואָלף וויל אים ניט הערן.

— ראָכל, ניט איצט, ניט איצט, וועסט זיך א צווייט מאָל מיט אים אויסטײַנען.

ער דרייט אויס זײַן דאַר פּאָנעם צו ייִסראָעלן און רעדט זייער פויל:

— די דרײַערלעך מיט די פינפערלעך, וועלכע איר האָט געלײַען אײַער ברודער אַף יאָנטעווים, זײַנען, אייגנטלעך, געווען ניט אײַערע.

— דײַנע!—קווויטשעט שוין הייזעריקלעך ייִסראָעל, און דאָס שיטערע בערדל ציטערט פון אופרעגונג.

— מײַנע, אורילקעס, יאָסלס, וואָס דענ, איר האָט זיי פארדינט?

ער ווארט ניט אפ קיינ ענטפער, קערט זיכ אויס צו יִסראָעלנ מיט דער פלייצע אונ גייט אינ צווייטנ צימער.

אונ מאָדנע: יִסראָעל גייט אים נאָכ, א שווײַגנדיקער, פונקט ווי ניט ער, יִסראָעל, וואָלט דאָ געווענ באלעבאָס, נאָר דעמ ברודערס זונ, וואָלפקע, וואָס פלעגט קינדווײַז שפילנ מיט די סטרוזשקעס אונ האָט מוירע געהאט פאר זײַנ פארע.

אפ דער טאָכטער, וואָס שטייט ווי א פרעמדע באמ אויווּנ, קוקט ער זיכ אפילע ניט אומ...

ראָכל ווארט אויס, ביז עס פארמאכט זיכ נאָכ זיי די טיר, גייט צו גאָר נאָענט צו יאָסלענ, לייגט ארופ איר ווארעמע האנט אפ זײַנ פלייצע אונ רעדט זייער מילד:

— יאָסל, וואָס ווילסטו דערווײַזנ?

— אז איכ האָב פאר דײַנ וואָלפנ קיינ מוירע ניט.

— ביסט א גאר... וואָלפ איז ניט מײַנער.

ראָכל נעמט צו די ווארעמע האנט. אירע אויגנ קוקנ מילד אונ מיט ראכמאָנעס, ווי מע קוקט אפ א קינד. דער קאס בא יאָסלענ לעשט זיכ אויס, דאָס הארצ הייבט אָנ קלאפנ האסטיק. דער צוואנציקיאָריקער גופ בענקט שטארק נאָכ דער פארשווונדענער נאָענטקײַט. אונ ער איז שוינ גרייט אלצ, אלצ צו פארגעסנ, צוציִענ צו זיכ איר שווערנ מיידלשנ קערפער אונ ווידער, ווי אמאָל, איידער זי איז פונ דער היימ אוועק, קושנ אירע פולע, מיט בלוט אָנגעגאָסענע ליפנ... ער ווייסט, אז מע טאָר עס ניט טאָנ, אימ מאטערט דער געדאנק, אז ראָכל איז הײַנט באזונדערס גוט אונ מילד צוליב וואָלפנ, צוליבנ שטרײַק־קאָמיטעט. דער געדאנק ליימט זײַנע באוועגונגענ. ער ווארפט גראָב אראָפ ראָכלס האנט פונ פלייצע אונ פרעגט בייז:

— ראָכל, דו האָסט דאָכ מיכ פײַנט, איז צוליב וואָס טוליעסטו זיכ?

— יאָסל, דו פארשטייסט גאָרנישט... מיר געפעלט דײַנ אקשאָנעס...

יאָסל רײַסט איבער:

— איכ טו עס אפצעלאָכעס דיר, וואָלפנ. ווענ ניט וואָלפ איז דער מאכער בא זיי, וואָלט איכ גלײַכ מיט אלע ארבעטער געשטרײַקט...

— וואָס גייט דיכ אָנ, ווער עס פירט אָנ מיטנ שטרײַק?

— אונ וואָס גייט דיכ אָנ דער שטרײַק? דיכ עקספלואטירט אויכ דער טאטע?

— איכ האָב אימ פײַנט, דעמ טאטנ, פונ קינדווײַז אָנ. קומ, יאָסל, איכ דארפ מיט דיר ערנסט ריידנ...

יאָסל קוקט א ווײַלע אינ ראָכלס אויגנ, ער וויל פארשטיינ, פארוואָס זײַנענ זיי הײַנט אזעלכע אומעטיקע אונ פרײַנטלעכע. ער איז גרייט אלצ, אלצ מויכל זײַנ, צופאלנ צו אירע פיס אונ בעטנ, זי זאָל זיכ אומקערנ צוריק אהיימ. אָבער דער פריִערדיקער געדאנק, אז ראָכל טוט עס צוליב וואָלפנ, פארביטערט אימ:

— פײַנסט זיכ פארנ שטרײַק־קאָמיטעט, ווילסט דערווײַזנ וואָלפנ, אז דו האָסט אראָפגענומענ פונ דער ארבעט א שטרײַקברעכער?

— יאָסל, איכ פײַנ זיכ פאר קיינעמ ניט אויס. איכ וויל מיט דיר ריידנ.

— װעגנ סאָציאַליזם? געהערט, געהערט! זאַט! ראָכל, איכ װיל ניט פאַרזאָרגנ די װעלט. די װעלט איז קליגער פונ מיר, אונ לאָז זי זיכ אַלײנ ברעכנ דעמ קאָפּ... מיר קריכנ שױנ פונ האַלדז די רײד װעגנ גליק פאַר אַלעמענ...

יאָסל רעדט גיכ אונ צעפּלאָנטערט, קאָנטיק, אַז פאַר די לעצטע שטרײַק־טעג האָט זיכ אָנגעזאַמלט אינ אימ זײער פיל פאַרביטערטקײַט אונ ער װיל מיט אײנמאָל אַלצ אױסרײדנ.

ראָכל קוקט אַפּ אימ, אונ די פרײַנטלעכע פײַערלעכ אינ די אױגנ לעשנ זיכ אױס. איר הײבט אָנ דוכטנ, אַז די שטימ באַמ צװאַנציקיאָריקנ יונג קלינגט פּונקט אַזױ טרוקנ, װי בײַ איר אַלטנ טאַטנ. אונ די געדאַנקענ אונ פאַרלאַנגענ זײַנענ אױכ שטאַרק ענלעכ. זי רײַסט איבער זײַנ היציק גערײד:

— אונ דעמ טאַטנס פאַרמעגנ, אונ מיכ אַלס צוגאָב צומ מױערל קריכט דיר ניט פונ האַלדז!?

יאָסל האָט ניט געענטפערט אַפּ אַזאַ גראָבנ ענטפער. ער קוקט פאַרלאָרנ אַפּ ראָכלס פרעמד געװאָרנ פּאָנעמ אונ פּלוצעמ געשעט מיט אימ אױסערגעװײנלעכס: ער שלעפּט אַראָפּ פונ זיכ דאָס רעקל אונ הײבט מיט אימ אָנ שמײַסנ איבערנ װאַרשטאַט, איבער די ברעטער, הובלענ. אַסאַכ קױלעכ אונ האַס ברױזט אינ אימ. די אױגנ זײַנענ בײַ אימ פאַרלאָפנ מיט בלוט. די ליפּנ—בלױ, דאָס פּאָנעמ—בלײַכ, די שטימ—הײזעריק:

— זאָל ברענענ דאָס מױערל! זאָל ברענענ די קראָמ! דער הױפ! די טױזנטער! איכ האָב אײַכ אַלעמענ אינ דער ערד! דו ביסט שולדיק! דײַנ טאַטע! פאַרסאַמט האָט איר מיכ! פיר יאָר מיר צוגעזאָגט, אײַנגערעדט, אונ איצט רײַצט איר זיכ, װי מיט אַנ אָפּגענאַרטנ הונט. אינ דער ערד!

ער קאָנ מער ניט שרײַענ, ספּאַזמעס װערגנ אימ, מאַכנ זײַנ שטימ גאָר הײזעריק אונ פאַרשטיקט. ער װאַרפט אַװעק דאָס רעקל, קערט אױס דאָס פּאָנעמ צו דער װאַנט.

ראָכל זעט, װי זײַנ געזונטער, גרױסער גופ צאַפּלט זיכ, װאַרפט זיכ. זי נעמט זײַנ געקרױזטנ קאָפּ אינ אירע הענט, גלעט אימ.

— נו גענוג, גענוג. הער אױפ. איכ בינ ניט שולדיק... דו ביסט ניט שולדיק... די צײַט איז אַזאַ... װאָלפ װײסט, װאָס ער װיל. נו, טו אָנ דאָס רעקל, אָט אַזױ, קומ אַפּ דער דאַמבע... מיר װעלנ אײנס דעמ אַנדערנ אַלצ, אַלצ אױסדערצײלנ, עפּשער װעט אונדז װערנ גרינגער... קומ!

יאָסל דרײט זיכ אומ, גלײַכט זיכ אױס אונ פרעגט טרוקנ:

— אונ װאָלפ? דו ביסט דאָכ געקומענ מיט װאָלפנ?

— יאָסל, פאַרשטײ אײנמאָל פאַר אַלעמאָל, איכ גײ װאָלפנ זײער װײניק אָנ, אונ דו זאָלסט מיר מער זײַנ נאָמענ ניט דערמאָנענ... איכ בינ אַהער געקומענ ניט מיט אימ, נאָר צו דיר.

זי נעמט אימ אָנ פאַר א האַנט, אונ אַפּ די שפּיצ־פינגער, װי קלײנע קינדער, באַנװענענ זײ זיכ אַרױס פונ װאַרשטאַט.

אונ אינ דער צװײטער העלפט שטוב, אינ ייִסראָעלס עסצימער, גײט אָנ א שפּיל: ייִסראָעל האָט באַפױלנ דעמ דערשראָקענעמ װײַב דערלאַנגענ צובײַסנ, אַלײנ האָט

ער אדויסגענומענ פונ בופעט די יאָנטעוודיקע גלעזער מיט די ניקלנע אונטערהאַל־טערס אונ די גאנצע צײַט ניט אופגעהערט צו כיכיקענ:

— ווילסט ריידנ מיט מיר, ווי אלטע גוטעפרײַנט... אדעראבע, אדעראבע. וואָס מיינסטו, ייִסראָעל גארבער פארשטייט ניט, אז פראוואָזשיטעלסטווע איז א בראָכע פאר ייִדישע קינדער?.. אז ניקאָלײַקע איז א שיקער אונ א נויעפ אונ מע האָט אים שוינ לאנג געדארפט פונ בענקל אראָפּזעצנ?

— ניט וועגנ דעם בינ איכ געקומענ מיט אײַכ ריידנ.

— איכ פארשטיי, איכ פארשטיי, ווילסט מיט מיר ריידנ וועגנ ראָכלענ — אונ קעדיי זיכ אינגאנצנ דערפילנ היימיש מיט וואָלפנ, פאר וועמענ ער האָט שטארק מוירע, גייט ער צו גאָר נאָענט, הייבט אים אָנ פאטשנ אינ פלייצע — אויב דײַנ טאטע וועט מאסקים זײַנ, וועלנ מיר דורכקומענ... דו וועסט צום שידעכ גאָרנישט צולייגנ... אײַ, דו ביסט א מאכער בא די סטאטשקעניקעס... האָב איכ שוינ אינ מײַנ לעבנ געזענ גרעסערע מאכערס פונ דיר. אָנ סאקאָנעס, מע ווערט עלטער... מע זיצט א פאָר מאָל אָפּ אינ כאדגאדיע, ווערט מענ קילער..

— הערט, איר זײַט א קלוגער ייִד אונ טרעפט הײַנט, ווי א שיקערער סאָלדאט אינ סוקע... א קאלע וועל איכ זיכ שוינ ווי־ניט־איז אליינ געפינענ... הערט בעסער מיט קאָפּ: מאָרגנ אינדערפרי הערנ אופ אײַערע ארבעטער שטרײַקנ אונ שטעלנ זיכ צו דער ארבעט...

ייִסראָעל פארשטייט ניט. ייִסראָעלס פארבלאָזע אויגנ פינטלענ צעטומלט, אונ די פארפאָליטורעוועטע פינגער צופנ נערוועז די עטלעכע האָר פונ בערדל.

— וואָס הייסט, זיי שטעלנ זיכ צו דער ארבעט? אונ די פּאָדערונגענ?

— דער שטרײַק־קאָמיטעט שאפט זיי אָפּ.

— אינגאנצנ?

— פאר אײַכ — אינגאנצנ.

— מיט וואָס בינ איכ אזוי נויסעכיינ געווענ אינ די אויגנ פונ דײַנ שטרײַק־קאָמיטעט?

— ווײַל איר זײַט מײַנער א פעטער.

— לאכ ניט. דער שטרײַק קאָסט מיר בלוט.

— איכ ווייס. עס ליגט בא אײַכ ניט־אונטערגעשריבנ דער אָפּמאכ מיט דער אינטענדאנטסטווע אפּ צענ טויזנט קעסטלעכ פאר דער ארמיי...

— פונוואנענ ווייסטו עס אזוי גענוי?

— איכ האָב געזענ א כאָלעם... אָבער גענוג וועגנ דעם, מאָרגנ אינדערפרי שטעלט מענ זיכ ארבעטנ נאָר בא אײַכ, בא די איבעריקע באלעבאטים ווערט פאָר־געזעצט דער שטרײַק. איר פארשפרייט א קלאנג, טײַנעט, אז איר האָט נאָכגעגעבנ אלע פּאָדערונגענ פונעם שטרײַק־קאָמיטעט אונ שרײַבט אונטער דעם אָפּמאכ אפּנ פּאָדריאד...

— ווײַטער, — אײַלט ייִסראָעל.

— ווײַטער גאָרנישט, — דערקלערט וואָלפ קאלטבלוטיק אונ הייבט זיכ אופ פונ אָרט. די אָנגעגאָסענע גלעזער טיי, דאָס צובײַסנ בלײַבט שטיינ ניט־גערירט...

— וואַרט, וואַרט, עפעס פארשטיי איכ ניט... עפעס איז עס ניט גלאט... פונ

איין זײַט, גיב איך ניט אונטער אײַערע פאָדערונגען, פון דער צווייטער זײַט, טײַנע איך, אז איך האָב אונטערגעגעבן?

— איר ווילט ניט?

— וואָס הייסט, איך וויל ניט? איך וויל יאָ... אָבער אין אלץ דארף דאָך זײַן א סייכל.

וואָלף זעצט זיך צוריק אפן שטול און הייבט אים אָן גוטברודעריש דער־קלערן:

— ס'איז א פאָשעטער סייכל. דעם שטרײַק־קאָמיטעט לוינט צו פארשפילן דעם שטרײַק בא ייִסראָעלן, ווו עס ארבעטן אינגאנצן צוועלף מענטשן, און אים געווינען אין דער גאנצער שטאָט.

— און דו ביסט זיכער, אז די איבעריקע באַלעבאַטים וועלן נאָכגעבן? האָ?

— זאָלן זיי נאָר דערהערן, אז ייִסראָעל האָט אונטערגעשריבן דעם קאָנטראַקט אפ די צען טויזנט קעסטלעך... אין צוויי שאָ ארום איז דער שטרײַק פארענדיקט.

ייִסראָעל קאָן פון אופרעגונג ניט אײַנזיצן אפ איין אָרט, ער הייבט אָן ארום־שפאנען איבערן צימער, די טריט זײַנען שווערע, ניט־זיכערע.

וואָלף קוקט ניט אפ אים. זיצט מיטן פּאָנעם צום פענצטער, קוקט אפן גרויסן זויבערן הויף, ווו אלץ איז פארשלאָסן אפ שלעסער, אפילע דער מיסטקאַסטן, פונקט ווי ייִסראָעל וואָלט מוירע געהאַט, אז עמעצער וועט זײַן מיסט ארויס־גאַנווענען...

איצט איז דער וועג אפ אָפּטרעטן אָפּגעשניטן.

נעכטן באַנאַכט, ווען ער האָט דעם פּלאַן פאָרגעלייגט אפ דער עקסטרע־זיצונג פונעם שטרײַק־קאָמיטעט, איז אים אויסגעקומען אויסהאַלטן א פארביטערטן קאמף. אייניקע האָבן געטײַנעט, אז ס'איז ניט עטיש, אז ס'איז קעגן די פרינציפּן פון קלאַסנקאמף, אז עס שמעקט מיט אוואַנטיוריזם...

וואָלף האָט בייז געכויזעקט פונעם וואָרט עטיק אין באַצוג צו די באַלעבאַטים און איז סאָפּקאָלסאָפּ געווען געצוווּנגען צו נעמען די גאנצע פאראַנטוואָרטלעכקײַט אפ זיך. זיצט ער איצט באַם טיש, קוקט ווי ייִסראָעל שפאַנט ארום איבערן צימער, רעדט מיט זיך אליין, מאַכט מיט די הענט און וואַרט אפ אַן ענטפער.

ער באַמיט זיך צו באַהאַלטן זײַן שטאַרקע אומרויִקײַט. ער ווייסט, אז פונעם ענטפער איז אָפּהענגיק דער גורל פון פינף הונדערט אויסגעהונגערטע ארבעטער און זייערע פאַמיליעס.

— איך בין מאַסקים, זיי זײַנען רײַכער פון מיר, מעגן זיי נאָכגעבן.

ייִסראָעל וואַרט, אז וואָלף וועט אים דאַנקען, פארפירן איצט מיט אים א לאַנגן פרײַנטלעכן שמועס און אראָפּנעמען פון זײַן האַרץ די שווערקײַט פארן פאראַט קעגן די איבעריקע באַלעבאַטים. אָבער וואָלף טוט עס ניט. ער הייבט זיך אוף פון אָרט און גייט שווײַגנדיק צו דער טיר. שוין בא דער סאַמע טיר קערט ער זיך שארף אום, גייט צו גאָר נאָענט און קלאַפּט אין אים ארײַן די לעצטע ווערטער, ווי טשוועקעס:

— פעטער, אויב איין מענטש וועט וויסן פון אונדזער שמועס, וועט קיין איין ארבעטער די שוועל פון אײַער וואַרשטאַט קיינמאָל ניט אריבערטרעטן. איר האָט

פאַרשטאַנענ? באַ אַלע באַלעבאַטימ וועט מענ אַרבעטנ, נאָר ניט באַ אײַכ... האָט א גוטע נאַכט...

ייִסראָעל בלײַבט אַליינ.

דאָס ווײַב איז ערגעצ אַוועק. ער גייט אַרײַנ אינ וואַרשטאַט, וויל זענ, וואָס טוט דאָרט ראָכל, נאָר ראָכל איז ניטאָ, אונ יאָסל איז אויכ ניטאָ.

אפ איינער פונ די זיבנ לײדיקע וואַרשטאַטנ ליגט א צעשפּאָלטענע ברעט, א הובל אָנ א מעסער, דאָס מעסער וואַלגערט זיכ באַזונדער.

ייִסראָעל דערשרעקט זיכ פאַר די גערווינלעכע זאַכנ, אימ דוכט זיכ, אַז די ברעט איז ביז וואָלפס קומענ געווענ גאַנצ אונ דאָס אָפּגעטעמפּטע מעסער האָט געשטעקט אינ הובל.

„וואָלט כאָטש דאָס ווײַב געווענ אינ שטוב”...

אָבער דאָס ווײַב איז ניטאָ.

א טויטע שטילקײַט לויערט איבער זײַנ הויז. פינצטער. א שטיקל לעוואָנע קוקט אַרײַנ אינ פענצטער אונ באַלויכט מיט א ציטערדיקער שײַנ די ווענט.

„וואַרט, וואָס האָט ער געזאָגט? וואַרט, ער וועט באַ מיר פאַרשוואַרצט ווערנ אינ טפיסע”.

דער לעצטער געדאַנק ברענגט ניט קיינ רו, קיינ פאַרלײַכטערונג. אונ קעדיי־ווי־ניט־איז דורכשלאָפנ די נאַכט, דערוואַרטנ דעמ מאָרגנדיקנ טאָג, שטעלט ער זיכ אַוועק באַ איינער פונ די ווענט, פאַרמאַכט די אויגנ אונ הייבט אָנ אפ א קאָל בעטנ באַ גאָט:

„וועהו ראַכומ יעכאַפּייר אָווינ”...

די ידיִעה, אַז ייִסראָעל האָט אונטערגעשריבנ דער ערשטער דעמ קאָנטראַקט אפ צענ טויזנט קעסטלעכ פאַר דער אַרמיי אונ נאָכגעגעבנ זײַנע אַרבעטער, איז פאַל־אויסנ־בויגנ אַוועק איבער דער שטאָט, אַרײַנגעטראָגנ צעטומלטקײַט צווישנ די אונטערנעמער. ביז אָווענט איז דער שטרײַק געווענ פאַרענדיקט אונ דער קאָמיטעט האָט געמאָלדנ אינ א ספּעציִעלנ פלוג־בלעטל, אַז די שלאַכט איז געוווּנענ...

אונ מיט דרײַ טעג שפּעטער האָבנ ייִסראָעלס אַרבעטער געמאָלדנ א נײַעמ שטרײַק, געפאָדערט ער זאָל זיי אויסגלײַכנ די סכירעס מיט אַלע אַרבעטער פונ שטאָט. ביז פאַרנאַכט האָט ייִסראָעל געשאָלטנ זײַנ ברודער, זײַנ פּלימעניק, זײַנ טאָכטער, די גאַנצע וועלט אונ איז דאָכ געצוווּנגענ געווענ די פאָדערונגענ נאָכצוגעבנ.

מ. ליפשיץ

# פון א פּאָעמע

אין די קאַנטן, די פּאָלעסיער,
אין די הושטשעס פון מאָזיר,
זויערט אײַן דער קוואַס אין פעסער,
קומט די קו פאַרנאַכט צום טיר.

אין די קאַנטן וואַקסן פאַנעס,—
גראָזן ווילדע, פייַכט און ברייט.
אין די אָוונטן קאַבאַנעס
שפּרינגען דורך דאָרט דולערהייט.

דאָרט אין זאַראָסלעס, אין גרינע,
ווייס דער וואָלף ניט פון קיין שרעק.
ס׳וואַקסט אין מאָך די זשוראַווינע,
און דער שווים וואַקסט אפן וועג.

דאָרט דעם יאָך עס שלעפּן אָקסן,
און דער פויער שלעפּט אים מיט,
דאָרט איז ער מײַן העלד געוואָקסן,
און פון דאָרטן קומט מײַן ליד.

קומט די ליד פון יונגן טאַנען,
וועמעס יונגט פעסט און שלאַנק,
ס׳איז געוואָקסן דאָרט מיט טאַנען,
אין דעם קאַנט פון דוירעס־לאַנג;

האָט געלעבט אויך זײַן מישפּאָכע,—
פעטערס מיט די קעפּ סאַק־סאַק,
מיט די בערד געדיכט ווי מאָכן,
מיט די הענט געוווינט צום האַק.

אַלע זײַנען זיי געוועזן
ניט גאָר שיין און ניט גאָר צאַרט.
נאָר ווי בוימער וואָס זיי טעסען,
ווי דער גראַב, געזונט און האַרט.

אלע האָבן זיי געמערט זיך
און געפּאָרט זיך לויט דער ריי;
וויאַזוי עס פירט די ערד זיך,
האָט ניט שטאַרק געקימערט זיי.

נאָר דער ייִנגסטער פון די ברידער
סאַנעס טאַטע איז געווען,
ברוין ווי קאָרע פון קאַשטאַנען,
שטאַרק און קרעפטיק ווי דער פען.

ווי דער בוים פון שטאַם געשניטן
איז ער קאַרג געווען אַפּ רייד,
דאָך פון אַלע זײַנע ברידער
האָט זיך היישע אונטערשיידט.

קוידעם־קאָל איז שטאַרק סשיקאַווע
אים געווען די ווײַסע וועלט,
זומער צײַט שרײַט די קוקאַווע,
ווינטער וויען ווילדע וועלפ.

העזל שפּרינגט און פייגל פלאַטערט,
קומט דער טאָג, פאַרגייט די נאַכט.
און ער באַשטימט אַז כיטרעוואַטע
איז די וועלט, נאָר פײַן פאַרטראַכט.

וואָס איז שײַך זײַנע טײַנעס
האָט ער טײַנען פײַנט געהאַט;
דאָך געהאַלטן זיך בא זײַניקס,
אַז דער סיידער איז ניט גלאַט.

גאָר ניט קליגער און ניט גרעסער,
מענטשן—שטיקער ערד, ווי ער,
לעבן פריילעכער און בעסער,
גאָר ניט האָרעווענדיק מער.

און אַמאָל האָט ער פאַרטראַכט זיך,
ווײַט איז נאָך אַן ערד פאַראַן;
דאָרט ווי ס'הערט זיך און ווי ס'דאַכט זיך,
מוז דער סיידער אַנדערש זײַן...

זײַנען פעטערס דאַן געקומען,
אי צופוס, אי אַפּ די פערד,
היישען אָפּריידן גענומען;
נאָר ער האָט זיי אויסגעהערט:

„פריַער־שפּעטער פאָרן מוז ער,
כ'וועל ניט אָנווערן די האק",
האָט א קוש געטאָן די מזוזע
די סוכארעס איַינגעפּאקט.

פון אמעריקע געקומענ
איז ער שטילערהייט צוריק;
און פון זאק ארויסגענומענ
א טאנאכ און ברויט א שטיק.

נאָכדעם, בלאָנדזשענדיק אינ וועלדער
האָט ער שטיל דערציילט דעם טאנ,
אז דער סיידער איז דער זעלבער
דאָרטנ און אפ דער זיַיט יאם.

אז די יאמענ זיַינענ ברייטע
און די הימלענ זיַינענ וויַיט,
אז ס'איז דאָ און דאָרט דער סיידער
גווירים און אָרעמעליַיט.

און דערוויַיל מיט קוואס געפּויעט,
איַינגעוויגט מיט הימלענ־ריינ,
שטארק ווי דעמב און פריש ווי כוויע,
וואקסט זיַינ קינד געזונט און שיינ.

טאנע הערט, ווי ס'שריַיט דער וואָראָנ
אפ א בארנבוימ אינ פעלד,
ווי דעם טאָג פון זיַינ געבאָרנ
אינדערשטיל דער פויער שעלט.

ווי די פּליטניקעס זיכ קלאָגנ,
אז דער יאָכ זיי ברעכט די קני,
אז ס'איז שווער דעם פּיַינ צו טראָגנ
און פאר וואָלוול גייט די מי.

טאנע הערט זיכ צו צום רודער,
און צום זשאוואָראָנאָקס ליד,
און צום פּאסטעכס שטילער דודע
וועג אינ בלויע וועלדער בליט.

נאָר וועג ער אליינ ווערט שלאנקער
פון דעם טאנ בעזינטער ווערט,
קליַיבט זיַינ טאטע מיט געדאנקענ
זיכ צונויפ, און זאָגט פארקלערט:

„ס'נעמען דײַנע אויגן בלישטשען,
ס'גייט דײַן קינדהײַט אָן א זײַט",
און א שטארקע טאָפּאָרישטשע
האקט ער אויס אים פון א צווײַג,

פון בעריאָזע קרעפטיק־גרינער,
און גיט צו דערבײַ פארטרויט:
„ס'מוזן קינדערלעך פארדינען,
אויב זיי ווילן עסן ברויט".

און מיט ווינטער־ווינט מיט סומנעם,
און מיט װעסנע־בענקשאפט ווייך,
ווי די קו, וואָס גייט צום ברונעם
אונדזער העלד באקאנט ווערט אויך.

און מיט פויערישן שטייגער,
און מיט הײַזלעך אונטער מאָך.
ביז עס טוט אין זײַנע אויגן
פלוצלינג זיך דער טאָג א בראָך:

„וועל איך אויך דעם לעבן שעלטן,
דרייען ווי אן אָקס דעם ראָד,
און אין שטומע אלטע וועלדער
בלײַבן זוכנדיק א סאָד".

„און אפ צווײַגן שטענדיק שרײַען
וועט א ראָב אין אלטן באָר
און א טראָפּן שניי וועט טײַען
יאָר נאָך יאָר—און דאָס איז גאָר?"

און דער אומרו, וואָס אין הייען,
האָט א לעבן ניט געשטילט.
האָט דעם יונג נאָך שטארקער, הייסער
אָנגעצונדן פרי און ווילד:

„ס'קען ניט זײַן, עס איז א כארפע,
לעבן זאָל אזוי א לאנד,
אָט אזוי ווי אָקסן שטארבן,
איז פאר מענטשן דאָך א שאנד"...

נאָך פון טרויעריקע טאטעס,
אין די דרימלענדיקע בערד,
ווענן יונגע דעמאָקראטן
האָט ער שעפּטשענדיק געהערט.

ווי זיי האָבן וועגן סיידער
פון דער וועלט די ביקס פּרובירט,
ווי געשמידטע אין די קייטן
האָט מען זיי אין גאס געפירט.

ווי א שארפער, טיפער אקער
איז אדורך די ערד—דעם שטיין,
ווי אין שרעק האָט זיך געוואקלט,
אפן קייסערס קאָפּ די קרוין.

גאָרנישט זאָגט ניט סאנע קיינעם,
וואָס אנ אומרו אין אים גליט,
וואָס עס ציט אים צו די יונגען
זאָגט ער אויכעט גאָרנישט ניט.

גאָרנישט זאָגט ניט סאנע קיינעם,
וואָס אין וועג ער קלייבט זיך לאנג,
אין א ווינטער־טאָג אין איינעם
טוט ער נאָר א שטעל זיך שלאנק.

„ווערסט מיר טאטע גאָרנישט זאָגן,
איידער איך פארלאָז דיין שוועל,
האָסט דאָך שוין אזוי צו זאָגן
דורכגעמאכט א גאנצע וועלט...

בא דער מוטער טרערן הייסע,
און דאָס טיכל ווערגט דאָס האלדז,
נאָר עס שמייכלט צו אים היישע:
„ווערסט נאָך וויסן, זע איך, אלצ"...

און אוועק איז אונדזער סאנע,
ס'האָט א ווינטל שטיל געווייט,
אייגענע האָבן די טאנען
וויַס אים הינטער דאָרף באגלייט.

ב. אַלעווסקי

# אָנהייב לעבן

## פארן שטורעם

פונעם ווישניק האָט זיך עס אלצדינג אָנגעהויבן.

די סאָלדאטן האָבן זיך דעמלט אראָפּגעלאָזן צו אונדזער שטעטל און איך האָב זיך אופגעהויבן אפ אונדזער שאפּע און אראָפּגעוואָרפן דעם בוטל.

איך וואָלט אים געוויס ניט געווען אראָפּגעוואָרפן, ווען ס'זאָל עמעצער געווען זײַן אין שטוב. איז אָבער קיינער ניט געווען.

נעכטן אפדערנאכט איז דער טאטע געקומען מיך אָפּנעמען פון כיידער. קיינמאָל קומט מען מיך ניט אָפּנעמען. נאָר נעכטן איז דער טאטע געקומען. ער איז ארײַן אין כיידער א פארהאָרעוועטער און א פארמעליקטער, ווײַזט אויס, נאָרוואָס געקר־מען פון דער ארבעט. געווען איז ער עפּעס פריילעך אזוי און צערודערט. ער האָט אפילע ניט געזאָגט קיין גוט־נ'אָוונט. ער האָט מיך גענומען אפ די הענט, זיך א בויג געטאָן בא דער טיר און געלאָזן זיך מיט מיר אהיים.

דער טאטע האָט מיך געטראָגן גיך־גיך איבער דער בלאָטיקער, פינצטערער גאס. פון דער זײַט, ווו ס'גייט דורך דער שאָסיי, האָבן זיך דערטראָגן זידלערײַען און סאָלדאטישע געשרייען.

נאָר די סאָלדאטן האָב איך ניט געזען. כ'האָב נאָר געהערט, ווי זיי טופּען אינעם פינצטערן שטעטל, ווי סע הירזשען זייערע פערד, ווי סע דרינדזשען זייערע וועגענער.

פאר סאָלדאטן האָב איך מוירע. איך האָב ארומגענומען דעם טאטנס האלדז מיטביידע הענט און זיך אײַנגענורעט און אים:

— טאטע, — האָב איך אים צוגעלייגט דאָס מויל צום טאטנס אויער זײַנעם, — ס'איז די מילכאָמע לויפט, טאטע?

— ס'איז די פּלישטים? — האָב איך זיך ניט געקענט בארויִקן און זיך נאָך שטאר־קער גענורעט אין אים.

דער טאטע איז געוואָרן אין קאס. געהייסן מיר שטיל זײַן.

לעם שטוב האָט ער מיך אראָפּגעלאָזן אפ דער ערד. א קלאפּ געגעבן אין לאָדן. די מאמע האָט גלײַך געעפנט די טיר.

אין אלקער האָט די מאמע דערלאנגט א בריוו דעם טאטן. געגעבן דעם בריוו און צעוויינט זיך. דער טאטע האָט זיך אוועקגעזעצט אפן בעט. צוגערוקט דאָס

לעמפּל. לאַנג־לאַנג געדרייט דעם גרינעם קאָנווערט אין די הענט—און נאָכדעם אָנ־געהויבן פּאַמעלעך לייענען דעם בריוו אַפּ אַ קאָל.

דער בריוו איז געווען פֿון דער מילכאָמע און אָנגעשריבן איז אין אים געווען, אַז ס'איז געהאַרגעט געוואָרן ניומע.

איך קריך אַרופּ אַפֿן בעט. איבערן טאַטנס פּלייצע קוק איך אַרײַן אינעם בריוו. און פּונקט ווי איך וואָלט שולדיק זײַן, וואָס מ'האָט דערהאַרגעט ניומען, ווערט דער טאַטע אַפּ מיר אין קאַעס:

— כ'האָב, דאַכט זיך, געזאָגט—שלאָפֿן! ניט רוקן די נאָז, וווּ מע דאַרף ניט!

די מאַמע וויל ניט, דער טאַטע זאָל שרײַען אַפּ מיר. ווען עס טרעפֿט זיך אַן אומגליק ווערט דער טאַטע בייז און די מאַמע פֿאַרקערט—זי ווערט זייער גוט צו מיר. די מאַמע נעמט מיך אַפּ די הענט. זי גיט מיר אַ קוש און לייגט מיך שלאָפֿן.

נאָר שלאָפֿן וויל איך ניט. איך ליג אונטער דער קאָלדרע און הער אַלצדינג. איך הער זייער גוט, ווי דער טאַטע זאָגט אָן דער מאַמען:

— ניט באַלבען! ניט דערציילן איטען וועגן דעם בריוו...

— ווײַבער האָבן אַ לאַנגן צונג,—הויבט ער אָן שרײַען אַפּ איר.

איך בין זייער צופרידן, וואָס דער טאַטע שרײַט אַפּ דער מאַמען, זי זאָל ניט דערציילן. כ'וועל בעסער אַליין דערציילן.

איטע איז מײַן מומע. און ניומע איז איר זון. און דער בריוו איז צו איטען...

איך ליג אונטער דער קאָלדרע און ברען פֿון אומגעדולד. כ'וויל זייער, ס'זאָל ווערן טאָג. גאַנצפֿרי וועל איך גלײַך אַוועקלויפֿן צו דער מומען און איר אָנזאָגן:

— מומע איטע, דײַן ניומע איז געהאַרגעט געוואָרן אַפּ דער מילכאָמע!..

* * *

אינדערפֿרי, אַז איך בין אויפֿגעשטאַנען, האָב איך שוין קיינעם אין שטוב ניט געטראָפֿן. שטענדיק פֿרײַטיק—ווי נאָר איך עפֿן די אויגן, שרײַ איך שוין:

— מאַמע, גיב דעם פּיפּאָלעק, מאַמע!

נאָר ס'איז שטיל. ניט דער פּיפּאָלעק, ניט די מאַמע, ניט דער טאַטע. כ'האָב זייער ניט ליב, כ'האָב זייער פֿײַנט, אַז אין שטוב איז שטיל און ס'איז קיינער ניטאָ. דעם טאַטנס פֿאַרמעליקט זעקל הענגט אַפּ דער שראַנק. דער טאַטע איז ניט געגאַנגען, ווײַזט אויס, אַפּ דער אַרבעט. דער אויוון איז אויך ניט געהייצט. אין שטוב איז פֿינצטערלעך. די לאָדן, וואָס גייען אַרויס צו דער גאַס, זײַנען פֿאַרמאַכט. נאָר אין אַלקער איז ליכטיק. אין אַלקער זײַנען ניטאָ בײַ אונדז קיין לאָדן.

כ'שטיי אַפֿן בעט. כ'טו אָן מײַנע קורצע סאַטינענע הייזעלעך מיטן סטאַניק. כ'רײַב זיך מיט ביידע הענט די אויגן. כ'וואָלט אַפֿילע אָנגעהויבן וויינען, נאָר אַז ס'איז קיינער ניטאָ—איז ניטאָ פֿאַר וועמען צו וויינען.

כ'לויף אַרויס אין קיך, כ'וויל אַרויס אין דרויסן, נאָר די קליאַמקע פֿון דער גאַס־טיר האָט די מאַמע פֿאַרשטעקט מיט אַ שטעקעלע.

זיצן און גאָרניט טאָן—דאָס קען איך ניט. און ווײַל איך קען ניט אַרומגיין ליידיק, דערפֿאַר האָב איך גענומען קלעטערן אַפּ דער שאַפֿע. די בעסטע און די זיסטע זאַכן זײַנען אַפּ דער שאַפֿע.

אַלע טעפּ מיט וואַרעניע און אַלע בוטעליעס מיט ווישניעק שטייען דאָרטן. שטענדיק שטייען זיי דאָרטן. יאָרנווייַז. זי ווערן פאַרצוקערט, זי שימלט און פינעס, אונדזער וואַרעניע.

כ'האָב צוגעשטעלט א טאַבורעטל. כ'בין אַרויף. כ'האָב פאַריסן דעם קאָפּ, אויסגעצויגן די הענט, נאָר ערשט, אַז אויפן טאַבורעטל האָב איך אַוועקגעשטעלט א בענקל האָב איך קוים דערזען די סאַך געגלייזטע טעפּ, וואָס זייַנען צוגעדעקט מיט פּאַקרעשקעס, דערזען גלעזערנע סלאָיעס—אייַנגעדעקטע און אַרומגעבונדענע מיט פּאַפּיר. און דער סאַמע בעסטער און דער סאַמע געזונטסטער שפּאַרט אויש אונטער דעם באַלקן, שטייט זיך דאָרט א גרינער בייַכיקער בוטל מיטן רויטן ווישניעק.

איך האָב זיך אונטערגעהויבן—אָנגענומען דעם בוטל מיטביידע הענט, א קרעכץ געטאָן און געגעבן אים א הויב. כ'האָב אים אויפגעהויבן און אַזוי ווי זיך צוגעבונדן צו אים. ניט איך קען אים אַוועקשטעלן, ניט איך קען מיט אים אַראָפּקריכן. אַפּצולאָכעס האָב איך פּונקט אָנגעטראָפן אויפן טאַבורעטל, בא וועלכן איין פיסל איז א ביסל א קירצערס. איך הוידע זיך אַהער און הוידע זיך אַהין.

נאָר אָט האָבן זיך אַזוי הוירע געטאָן די בענקלעך, אַז כ'האָב זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט אָנעם קאַרניז פון דער שאַפע. ס'האָט זיך גלייַך דערהערט א פאַרדומפּענער זעץ. רויט, געדיכט, ווי עמעצער וואָלט אים קוילען, האָט דער בוטל אָנגעהויבן אָפּגיין מיט ווישניעק, אַזוי ווי מיט בלוט.

כ'וואָלט זיך זייער דעמלט געווען דערשראָקן, נאָר מיר האָבן א קאַץ. אונדזער געזונטע ראַבע קאַץ ראַטעווע מיך פּאָשעס. זי האָט שוין ניט איינמאָל געכאַפּט פעטש איבער מיר.

— גוואַלד,—פלעג שרייַען די מאַמע,—וויפל מאָל האָב איך געבעטן מע זאָל ניט לאָזן אָפן דאָס בופעטל—די קאַץ צעברעכט מיר ווו א טעלער.

כ'האָב זיך געלאָזן אין קיך. אין קיך אויפן אויוון האָב איך געוואָלט כאַפּן די קאַץ. כ'האָב געוואָלט זי אויסקייַקלען אינעם צעגאָסענעם ווישניעק, עפענען א פענצטער און לאָזן זיך מיט א רעוועריי אין גאַס אַרייַן זוכן די מאַמע. די מאַמע וועט קוקן אויפן ווישניעק:

— גוואַלד,—וועט זי שרייַען,—א מאַלכעמאָוועס, ניט קיין קאַץ. ווו האָט מען עס געזען, אַז א קאַץ זאָל קריכן צו ווישניעק?!..

און די קאַץ וועט ווי א מעשוגענע שפּרינגען איבערן שטוב און די מאַמע וועט שרייַען „האַקאָטאָ“ און שלאָגן זי מיט א קאָטשערע.

איך האָב נאָר געכאַפּט די קאַץ,—אַז ס'האָבן זיך דערהערט מיטאַמאָל קוילעס:

— „סטאַראָסטאַ“, אין שטוב איז עמעצער דאָ!—האָב איך דערהערט עמעצנס א פרעמד קאָל פון גאַס, און אין דער זעלבער רעגע האָבן זיך געעפנט די קיך־לאָדן, ס'האָט א קלונג געטאָן די קליאַמקע אין פירהויז. פון די געעפנטע לאָדן איז אין קיך געוואָרן בלענדנדיק־ליכטיק. די אויסגעשייַערטע מעשענע מידניצע האָט א בליסקע געטאָן אויפן פּריפּעטשעק, אַז כ'האָב אויש פאַרמאַכט די אויגן.

— א גוטמאָרגן, באָכורעץ,—האָט זיך איינגענעם מיט דער ליכטיקייַט אַן עפן געטאָן די טיר און אויפן שוועל האָט זיך באַוויזן וועלוול כאַדאַרקאָוו, מאָטל דעם האַרבאַרנעקס זון, וואָס וווינט מיט אונדז אויף איין גאַס.

ער איז אַרײַנ יאָנטעװדיק. ס'פּידזשאַקל אַפ די אַקסל. אַפנ פּידזשאַקל א רויטער באַנט.

— דער טאַטע ניטאָ, האַ?—גיט זיך װעלװל א בויג צו מיר, ער גיט א פאַרשאַר זײַנע קוטשעראַװע האָר, װי פּרוזשינקעלעך, גיט א זשמורע מיט אנ אויג, טוט זיך א גלײַך אויס אַפ זײַנע פיס, װאָס זײַנענ צעפּאָרנ, װי געװיינלעך בא קאָװאַליעס.

— װאָס מוטשעסטו די קאַצ צוצעק? אַרײַנ!—הייבט ער אָנ רופנ עמעצנ פונ גאַס.

איך דערשרעק זיך. כ'פאַרוק זיך אינ א װינקל. אונדזער קלײנינקע, ענגע קיך װערט פול מיט עמעסע סאָלדאַטנ, װאָס טראָגנ עמעסע שינעלנ,—אָנ פּאָגאָנעס אונ אָנ קאָקאַרדעס. אַפ די װינטערדיקע היטלענ—רויטע בענדלעך.

די סאָלדאַטנ רינגלענ מיך אַרום.

איך צעגװאַלדעװע זיך. איך האָב מוירע.

— שאַ־אַ! רעװע ניט,—רײַסט װעלװל בא מיר אַרויס די קאַצ,—מאַרש!—שלעפּט ער מיך פריילעך פונ װינקל,—מאַרש נאָכנ טאַטנ! זאָג, אַז געבראַכט סאָלדאַטנ אַפ „פּאָסטוי"! צוגרייטנ געלעגערס! נאָר לעבעדיק!

כ'גיב זיך א ריס. כ'לויף אַרויס פונ שטוב.

אונטנ אַרום, מיט די הויפנ לאָז איך זיך לויפנ צום מאַרק־פּלאַצ זוכנ די מאַמע. איך לויף אונ װיינ.

נאָר לאַנג װיינענ קענ איך ניט. עפּעס װיינט זיך ניט. ס'איז עפּעס זייער פריי־לעך, אונ זייער אַסאַך מענטשנ שטייענ צװישנ די צװיי רייענ פאַרמאַכטע קליײטנ. מע שטייט רעדלװײַז. מע שרײַט, מע רעדט עפּעס. אונ אַז מע רעדט האָב איך זייער ליב. כ'האָב זיך זייער ליב צוהערנ, װאָס סע ריידנ צװישנ זיך עלטערע מענטשנ.

איך קריך. איך שפּאַר זיך. איך אַרבעט מיט די עלנבויגנ. איך קריך אַרופ אַפנ גרינעמ פּלויטל פונ אונדזער װײַסינקנ װאָלאָסט. אונטנ זע איך גאָרניט. פונעמ פּלויטל זע איך דעמ גאַנצנ פּלאַצ. דער גאַנצער פּלאַצ איז פול מיט צעפּאָכעטע היט־לענ, מיט פּאַטשיילעס, מיט רויטע פאָנענ.

ס'עו־שטע מאָל דערזע איך רויטע פאָנענ...

איך שפּרינג אַראָפּ. מע שטופּט מיך. כ'שרײַ, כ'װייס אַליינ ניט װאָס איך שרײַ. מ'האָט מיר שוינ אָפּגעטראָטנ א פוס. איך לויף אונ איך הינק. איך הינק אונ ס'איז מיר זייער גוט. ס'איז מיר אַזוי גוט, אַז איך באַמערק אַפילע ניט װי מײַנ כאַװער זיאַמע האָט מיך נאָרװאָס אָפּגעזוכט אונ דערלאַנגט מיר א בוכציע אונטערנ לע־פּעלע.

זיאַמע איז פריילעך. ער איז פאַרשװיצט. אונ פּונקט װי בא מיר איז בא אים דער דאַשעק אַפ א זײַט.

— גאַנעפ!—צעשרײַט ער זיך אַפ א קאָל שיקער!—שרײַ! שרײַ!—פּאַטשט ער זיך איבער די באַקנ—אונ נאָכדעמ דערהער איך פונ אים אַזוינס, אַז איך װער פאַר־ציטערט.—ער זאָגט, אַז אויס... די סאָלדאַטנ, זאָגט ער, האָבנ אַראָפּגעװאָרפנ דעמ קייסער... גענומענ אונ אַראָפּגעװאָרפנ...

איך װייס ניט פאַרװאָס, נאָר איך נעמ זיך אַזש אָפּרוקנ פונ אים. כ'אַנטלויף.

איך זע, ווי דער קייסער זיצט זיך עס הויך־הויך. אפּ וואָס ער איז געזעסן ווייס איך ניט. מיסטאמע איז ער אפּ א שאפע ניט געזעסן. ס'איז דאָך עפּעס א קייסער! די סאָלדאטן האָבן צוגעשטעלט טאבורעטלעך. אפּ די טאבורעטלעך אהעקגעשטעלט בענקלעך. מ'האָט אים א נעם געטאָן. דער קייסער דריגעט מיט די פיס. גיט זיך א פליוכע אין דער ערד...

מער קען איך ניט אויסהאלטן. כ'וויל שוין גיכער אהיים. כ'וועל באלד אריינלויפן אין שטוב און אויסשרייען:

— מאמע! די סאָלדאטן האָבן אראָפּגעוואָרפן דעם קייסער!..

* * *

איך לויף אהיים. איך לויף איבער אונדזער פארגאכטיקער טאראָוועצע.

צווישן די וועגענער אפּ די שייטערס קאָכן סאָלדאטן עסן. די זון האָט זיך שוין געזעצט. א בלאָווע, קימאט שווארצע כמארע האָט אזויווי א וואנט פארדעקט דעם גאנצן מייַרעווודיקן הימל. די נידעריקע שינדל־דעכער נורען זיך צו דער ערד. איבער די דעכער זעט זיך נאָר דאָס הויכע טורעמל פון דער פּאָזשארנע.

אין די הייַזער ברענט שוין פייַער. ס'איז שוין שאבעסדיק. בא אונדז אין שטיבל ברענען שוין אויך ליכט.

די שטוב־טיר עפן איך אופּ פּאמעלעך. איך פארהאלט זיך אביסל אין קיך. אונדזער קליינינקע ענגע קיך איז פול מיט סאָלדאטן. אפן טישל, וואָס שטייט לעם איינציקן קיך־פענצטער, ברענט דאָס פינפער לעמפל. עטלעכע סאָלדאטן זיצן לעם טישל. עטלעכע ליגן אפּ דר'ערד. אין קיך שמעקט אזוי ווי קיינמאָל ניט, ס'ע שמעקט מיט לעדער, מיט שווייס, מיט באָרשטש.

די סאָלדאטן זייַנען שוין גאָרניט קיין שרעקלעכע. זייערע ווינטערדיקע היטלען, די שינעלן הענגען אפּ דער שראגע. לעם גרויסן אויוון שטייען אָנגעשפּארט ביקסן.

איך שטארב, אזוי וויל איך זיך צו זיי צורירן. כ'האָב זייער ליב ביקסן. נאָר אין קיך שטייט דער טאטע. דער טאטע קוקט אפּ מיר. אפּ מיר קוקט ער בייז און מיט די סאָלדאטן רעדט ער ווייך־ווייך.

— אזא אומגליק,—רעדט ער צו זיי,—אן־איין־און־איינציקער בא מייַן שוועסטער... ניומע הייסט ער... עפּשער געטראָפן אים?.. די גאנצע וועלט קערט זיך דאָך אום פון דער מילכאָמע...

— ניומא, דיעדושקא?—דרייט א סאָלדאט מיטן קאָפּ,—ווער ווייסט? אז אזויפיל מענטשן?..

דער טאטע פארבייַסט די שפּיץ באָרד, גיט א הויב אן אקסל, לאָזט זיך אינעם גרויסן צימער, וואָס הייסט בא אונדז „סטאָלאָווע” און ווו מיר עסן נאָר יאָנטעוו.

די סאָלדאטן אפן דיל צערוקן זיך. אייניקע שטייען אופּ און לאָזן אונדז דורך.

אין סטאָלאָווע איז שוין שאבעס. דער קייַלעכיקער טיש, וואָס שטייט אפּ א גרויסער, קייַלעכיקער פוס, איז שוין צוגעדעקט מיט א ווייַסן טישטעך. ס'ע ברענט דער יאָנטעווודיקער פערצענער לאָמפּ. ס'ע ברענען שוין די ליכט אין די צוויי הויכע ווייַסע בלעכענע לייַכטער און אין די צוויי קליינינקע מעשענע לייַכטערלעך.

די מאמע שטײט לעם די ליכט. לעם איר ליגן צװײ װײַסע בולקעלעך צוגעדעקט מיט אַן אױסגענײט טישטעכל. דער מאמעס װײַס קאָפּטל איז אַ ביסל פֿאַרפֿלעקט מיט װישניעק. מיט װישניעק איז אױך פֿאַרשמירט דער דיל. נאָר די מאמע איז פֿאַרנומען. איר שאַבעסדיקע קװײטלדיקע פּאַטשײלע מיט די צװײ שפּיצן פֿונפֿאָרנט איז פֿאַרוקט הינטער די אױערן. זי דרײט מיט בײדע אױסגעצױגענע הענט איבער די ליכט. די ליכט־פֿײַערלעך ציטערן. סע װיגן זיך שאָטנס אַף די װענט. זי מורמלט, די מאמע, זי בענטשט ליכט.

דער טאַטע װאַרט די מאמע זאָל ענדיקן. אָנגעטאָן אין זײַן שװאַרצן סורדוט, װעלכן ער רופֿט „דאָס שאַבעסדיקע זעקל", גײט ער אום הין און צוריק, שטעלט זיך אַלעמאָל אָפּ לעם „מיזרעכ", אַף װעלכן ס'זײַנען אָנגעמאָלט לײבן װי בעהײמעס און הירשן װי קעץ.

בא דער טיר, צוגעשפּאַרט אײנס צום צװײטן, שטײען עטלעכע סאָלדאַטן. אַ סאָלדאַט מיט אַ טשוב און מיט רױטע לאַמפּאַסן, האָט אױסגעראַטשעט די פֿרײלעכע אױגן, האָט צעעפֿנט דאָס מױל, אָט־אָט און ער װעט זיך צעלאַכן. ער האָט, װײַזט אױס, קײנמאָל ניט געזען, װי מע בענטשט ליכט.

אַז די מאמע ענדיקט, קען איך שױן ניט אױסהאַלטן. איך גיב זיך אַ דרײ אַפּן קאָרעק. כ'האָב שױן פֿאַר די סאָלדאַטן קײן מורע ניט. איך דרײ זיך לעם זײ. כ'װיל זײ זײער פֿרעגן, װי זײ האָבן אַראָפּגעװאָרפֿן דעם קײסער.

— הער,—פֿאַרבײַס איך דעם קאָפּ און שטעל זיך אַװעק אַנטקעגן הױכן סאָלדאַט, װאָס מיטן טשוב און מיט די רױטע לאַמפּאַסן.

— סאָלדאַט,—זאָג איך צו אים פֿרײלעך און אַף אַ קאָל,—האָסט אים אױך אַראָפּגעװאָרפֿן?!

— קאָהאָ?—צעלאַכט זיך דער סאָלדאַט.

די מאמע שפּרינגט אױף פֿון מײַן פֿראַגע. די מאמע װערט אין קאַעס.

— װאַרט!—שלעפּט זי מיך אָפּ פֿונעם סאָלדאַט,—איבערגעלאָזן אַ קינד... ניט געקענט קוקן—זײ זאָלן ניט קריכן... ניט אַראָפּװאַרפֿן?..—און שלעפּט מיך צו דער פֿאַרליאַפּעטער שאַפֿע.

— דעם קײסער, מאמע! ניט איך!.. ס'איז זײ—װײַז איך אַף די סאָלדאַטן,—אַראָפּגעװאָרפֿן...

— װע־ער?

— דעם קײסער,—קוק איך אַף דער מאמען און װוּנדער זיך.

די מאמע רוקט זיך אָפּ פֿון מיר, גיט אַ צי בײדע שפּיצן פֿון איר קװײטלדיקער פּאַטשײלע.

— װאָסער קײסער?!—צעעפֿנט זי די אױגן, װי זי זאָל מיך ניט דערקענען.

— אי־אָ! שאַבעס!—צעשרײַט זיך דער טאַטע.

— אי־אָ!—קלאַפּט זיך דער טאַטע איבערן מױל.

באַם דאַװנען רעדט מײַן טאַטע מיט „אי־אָ".

— אי־אָ!—פּאַטשט ער מיט דער האַנט אין דער לופֿט, און שלעפּט מיך דערבײַ צום טיש. דער טיש איז זײער הױך פֿאַר מיר. איך קען אַפֿילע ניט זען, װאָס עס טוט זיך אַף אים. די מאמע לײגט מיר, װי שטענדיק, אונטער אַ קישן, ס'זאָל מיר

זײַנע העכער צו זיצן. די מאמע גיט מיר א טאפ דעם קאָפּ. בארוקט זיך, ווערט צוריק זייער פרום.

דער טאטע גייט פון ווינקל צו ווינקל און זאָגט „שאָלעם־אַלייכעם“. דער טאטע דאַווגט און איז אין קאעס. א מאָדנע זאַך—ער איז כמורנע און ער זינגט. ער באַגעגנט מיט געזאַנג די מאלקע שאבעס.

— אי־אָ, יאיענו!—גיט דער טאטע א קוק אפּן טיש, דאָס הייסט, די מאַמע זאָל אים דערלאנגען דעם ווײַן.

אז ער ענדיקט דאָס דאַווענען, ווינטשעוועט ער אונדז אַלעמען א גוטן שאבעס און א גליקלעכן שאבעס.

די מאמע זאָגט „אָמיין“ און איך זאָג אויך „אָמיין“.

איך קען ניט אײַנזיצן. כ׳וואַרט שוין—דער טאטע זאָל ווערן שטיל. איך וויל זאָגן וועגן קייסער... דער טאטע גייט צו צום טיש. ער גיסט אָן א בעכערל ראָזשינקע־ווײַן פון גראפינטשיקל און הייבט אָן מאכן קידעש.

ער הייבט אונטער דעם בעכער. די מאמע הויבט זיך אויף. זי לייגט ארופ אירע דארע אָדערדיקע הענט אפּן הארצן.

ס׳ווערט זייער שטיל. איך דערהער, ווי פּאמעלעך הויבט אָן גיין א רעגן. קוים־קוים וואָס די טראָפּן קלאַפּן אין די שויבן.

די סאָלדאטן האָבן זיך איינגאנצן צונויפגעשפארט בא דער טיר. אַלע ווילן זיי זען, וואָס סע טוט מײַן טאטע. דער הויכער סאָלדאט מיטן טשוב און מיט די רויטע לאמפּאסן אפּ די הויזן—האָט אויך צעעפנט דאָס מויל. זײַן נעזל האָט זיך אײַנגעקנייטשט. אפּ זײַן דארן האלדז לויפט ארום פריילעך דאָס גערגעלע. ער קוקט, ווי דער טאטע האלט דעם בעכער און מאכט קידעש.

דעם סאָלדאט איז דאָס זייער געפעלן.

— דיעדושקא—צעלאכט זיך מיטאמאָל פריילעך דער סאָלדאט—טשאראטשקו!—און קנציק זיך א קלאַפּ געבנדיק מיט די פינגער איבערן גערגעלע,—וואָדקי!..

מײַן טאטן האָב איך גאָר קיינמאָל אזא ניט געזען. מײַן טאטע איז פאר מיר דער סאמע שרעקלעכסטער און געזונטסטער. איך בין זיכער, אז אַלע האָבן פאר אים מוירע.

דער טאטע האָט גלײַך אופגעהערט מאכן קידעש. ער איז געבליבן שטיין מיטן אויסגעשטרעקטן בעכער אין דער האנט. זײַן גרוי־ווערנדיקע לאנגע באָרד האָט א ציטער געטאָן פון פארלאָרנקײַט:

— ביטע,—האָט ער גענומען גיין צום סאָלדאט,—ס׳איז ניט קיין בראנפן, ס׳איז ראָזשינקע־ווײַן... ס׳איז שאבעס בא אונדז...

אין קיך האָט עפּעס א סקריפּע געטאָן. ס׳איז געוואָרן שטיל. ס׳האָבן א קלאַפּ געטאָן אין קיך עטלעכע צערוקטע טאבורעטלעך. עמעצער האָט א צי געטאָן דעם סאָלדאט מיט די לאמפּאסן פון דער טיר. א נידעריק, א ברייטביינערדיק סאָלדאטל האָט זיך באוויזן. די קורצע האָר בא אים, ווי בא א איזשאקל, דער געשטעפּטער וואטניק־ארופגעוואָרפן אפּ די אקסל, די קויטיקע העמד—צעשפּיליעט.

— איך בעט אנטשולדיקונג, בירגער,—איז דער סאָלדאט ארײַנגעלאָפן אין

סטאָלאָוועַ, האָט אָפּגערוקט דעם טאטנס בעכער,—אנטשולדיקט אונדז,—און קונציק זיכ א דריי געגעבנ אפ די אָפּצאסנ.

— פיאָדאָר,—האָט ער זיכ מיטאמאָל צעשריִענ אפנ סאָלדאט מיט די לאמפּאסנ, וואָס האָט זיכ גענומענ רוקנ פונ אים.—האָסט דאָכ אינ די אָקאָפּעס געפּוילט!.. ס'איז דאָכ רעוואָליוציע.

און ער איז, דער סאָלדאט אינעם וואסניק, צוגעגאנגענ נעענטער צומ סאָלדאט, וואָס אינ די לאמפּאסנ, זײַנ פּאָנעמ איז געוואָרנ רויט, אָנגעגאָסנ.

די מאמע איז אופגעשפּרונגענ:

— אויס מיקאָלקע—א הײַנטיקער סאָלדאט,—טײַנעט זי,—א הײַנטיקער סאָלדאט—און אראָפּגעוואָרפנ א בוטל וװישניעק...

דער סאָלדאט מיט די לאמפּאסנ כאפּט אראָפּ דאָס היטל. ער שטייט איינער אליינ. ער צײלעמט זיכ. אלע האָבנ זיכ אָפּגערוקט פונ אים. ער מאכט עפּעס מיטנ מויל. ער זאָגט, אז ער הויבט ניט אָנ וויסנ פונ קיינ בוטל.

— אָט פרעגט דאָס קינד,—שלעפּט מיכ די מאמע פאר דער האנט,—דאָס קינד איז בײַגעווענ...

דער סאָלדאט אינ וואסניק גיט זיכ א לאָז אינ קיכ. ער גיט אנ עפנ די טיר צו דער גאס.

די שטוב ווערט מיטאמאָל פול מיט א דונער, וואָס האָט זיכ איבערגעקײַקלט ערגעץ אונטער די וואָלקנס. די שטילקײַט איז פול געוואָרנ מיטנ ראשנ פונ רעגנ.

— אנו!—לויפט צוריק אריַנ דער סאָלדאט אינ וואסניק, שפּרינגט צו צומ סאָלדאט וואָס אינ די לאמפּאסנ.—ארויס פונ שטוב!..

— מאמע—זאָג איכ—נים דעמ בוטל! דעמ קייסער, דעמ קייסער!..—און איכ צערעווע זיכ.

איכ לויפ צו צומ פענצטער. איכ עפנ אימ אופ. אפנ נידעריקנ שווארצנ הימל העלט אופ, אזוי ווי א בוימ, א צעצווײַגטער ליכטיקער בליץ.

איכ זע ווי מיט אנ אופגעהויבענעמ קאָלנער פונ שינעל, צוהאלטנדיק די היטל פונעמ ווינט, לויפט ערגעץ אינ דער פינצטערניש דער סאָלדאט מיט די לאמפּאסנ.

— סאָלדאט,—רופ איכ,—ס'איז ניט דו, סאָלדאט...

דאָס פאָרהאנגל פונ פענצטער פּאטשט מיר אינ פּאָנעמ. סע לעשנ זיכ די ליכט.

— פארמאכ! וואָס פארמאכסטו ניט?—שרײַט דער טאטע און שלעפּט מיכ פונ פענצטער,—א שטורעמ, גאָט מײַנער, פארמא־אכ!

כ'צערעווע זיכ נאָכ העכער.

דער טאטע שלעפּט מיכ פונ פענצטער און איכ לאָז זיכ ניט! איכ האלט זיכ אָנ. כ'פארשטיי ניט, וואָס סע טוט זיכ.

א פריִער פרילינגדיקער דונער קײַקלט זיכ, רײַסט זיכ אופ איבערנ שטעטל...

## ארל

איכ בינ ניט איינער בא אונדז אינ שטוב. איכ האָב נאָכ א ברודער, ער הייסט ארל און ער לערנט זיכ אינ א ווײַטער שיינער שטאָט.

דער טאטע וויל זייער, אז ארל זאָל זײַנ א געלערנטער.

— זאָל זיך כאַטש אַרל ניט מוטשען—זאָגט אָפּט דער טאַטע. ער רעדט צו זיך אַליין. רוקט דערבײַ אַרײַן אַ שטיק באָרד אין מויל, פאַרהויבט די אויגן צום נידעריקן באַלקן:

— פון אַרלען—זאָגט דער טאַטע און זײַנע אויגן ווערן יאָנטעוודיקע, גליקלעכע—פון אַרלען וועט זײַן אַ מענטש!

נאָר אַרל איז ניטאָ. מ'האָט דעם טאַטן איינמאָל איבערגעגעבן אַ גרוס, אַז אַרל לערנט זיך שוין ניט, אַז ער לויפט אַרום מיט מאַטראָסן.

— וואָס פאַר אַ מאַטראָסן?—זאָגט דער טאַטע.

— אַז מע פאַרגינט ניט!—האָט ער זיך צעשריִען.

שוין אַ לאַנגע צײַט, אַז מ'האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם קייסער, נאָר אַרל קומט נאָך ניט.

װעלוול כאַדאַרקאָוו, אונדזער קאָמיסאַר, האָט איינמאָל אַזוי אַ מיטינג צעריסן אַף זיך דעם קאָלנער, געשריִען, געמאַכט מיט די פויסטן צום הימל, אַז די רעוואָ־ליוציע איז אין אַ געפאַר, אַז מע דאַרף גיין אַף פעטליורען.

איבער פעטליורען קען אַרל ניט קומען.

ס'ליגן פעלדער צווישן אונדז און אַרלען. ס'ציִען זיך וועלדער און לאַנקעס. דערפאַר ליגן צווישן דער שטאָט און אונדזער שטעטל. מע שלאָגט זיך. סע שלאָגן זיך באָלשעוויקעס מיט פעטליורעווצעס. קען מען ניט קומען צו אונדז.

איך וויל שוין זייער אַרל זאָל קומען. אַז ער קומט, ברענגט ער מיר עפּעס. ער איז אין אַ גימנאַזיע. ער האָט בלישטשענדיקע קנעפּ. ווען איך בין אַרל, וואָלט איך אויך ניט געגאַנגען אין כיידער. כ'וואָלט זיך בעסער געשלאָגן. כ'וואָלט געשאָסן פון ביקסן און געריטן אַף פערד.

אַלע שלאָגן זיך און אַלע שיסן.

כ'האָב זייער און זייער ליב פערד און מילכאָמעס.

דער טאַטע האָט מיך שוין ניט איינמאָל געשלאָגן דערפאַר.

— ער פאַרשטייט ניט—זאָגט דער טאַטע—פונוואַנען האָט זיך געקענט נעמען צו זײַן קינד—און קלאַפּט זיך מיט דער האַנט אין שטערן—אַ גוסט צו מילכאָמעס?!

— פונוואַנען?—פרעגט ער מיך—בײַ אַכט יאָר איז מען שוין בײַ לײַטן אַ באַרדאַעס!..

פון דיר—אַ היצל.

— הערסטו, לייע—זאָגט דער טאַטע צו דער מאַמען—דערפאַר אָבער אַרעלע, זאָל געזונט זײַן, אַרעלע איז גאָר אַן אַנדער קינד...

און „ס'קינד" האָט זיך צוגעשטעלט. ס'איז געווען אַפּדערנאַכט. די ערשטע האָט אים אַרומגעכאַפּט די מאַמע. זי האָט געוויינט. זי האָט געלאַכט. זי האָט נאָכאַמאָל געוויינט. זי האָט געשריִען: „אַזאַ יאָר זאָל איך האָבן", אַז „מיר זאָל זײַן פאַר אים".

דערפאַר דער טאַטע—

כ'האָב נאָך קיינמאָל אַזאַ דערהאַרגעטן ניט געזען דעם טאַטן. איך האָב אויך ניט דערקענט אַרלען.

אַרל איז עפּעס געוואָרן גרעסער, ברייטער.

זײַנ שווארצ פירזשאקעלע, אָנ א סימענ פונ בלישטשענדיקע קנעפּ, האָט געפלאצט אינ די עלנבויגנ. די ארבל זײַנעג געוואָרנ קורצער. די הענט—לענגער. די גרויסע ברוינע אויגנ אפ זײַנ קײַלעכיקנ פארטראכטנ פּאָנעם האָבנ זיכ געזשמורעט אונ עטוואָס אָפּגעפרעמדט געשמייכלט צו אונדז.

ער האָט זיכ אזוי ווי עפּעס אָפּגעוווינט.

דאָס קעלנערל פונעם שווארצנ העמדל מיט די ווײַסע קנעפּעלעכ איז געווענ צעשפּיליעט. דער האלדז—נאקעט.

קיינ היטל האָט ער אויכ ניט געטראָגנ. דער שווארצער שאָטנ פונ זײַנ צעקודלטנ קאָפּ האָר האָט א גרויסער, א פריילעכער, נאָכגעמאכט יעדער באוועגונג זײַנע.

— איז וואָסזשע מאכנ מיר?—האָט זיכ ארל קוים באפרײַט פונ דער מאמענ.

ער האָט אָפּגעשטויסנ מיט דעמ פוס דאָס פאנערנ־קעסטעלע, וואָס ער האָט געבראכט מיט זיכ, אונ איז צוגעגאנגענ צומ טאטנ.

דער טאטע האָט זיכ צוגעבויגנ. ארל האָט זיכ אונטערגעהויבנ אפ די שפּיצפינגער (ארל איז נידעריקער פונעמ טאטנ). זיי האָבנ זיכ ארומגענומענ אונ צעקושט זיכ.

איכ בינ גלײַכ ארופ אפ א בענקל. געוואָרט, ארל זאָל צוגיינ צו מיר. פונעמ בענקל וועט מיר זײַנ גרינגער זיכ מיט אימ צו קושנ.

דער טאטע איז אָפּגעגאנגענ, פארלייגט די הענט אפ צוריק, פארקנייטשט דעמ שטערנ, אויפגעהויבנ די ברעמענ.

— קוימ זיכ דורכגעריסנ! א זאווערוכע—גיט ארל א פּאָכ מיט דער האנט, ווי פונ יענער זײַט וואנט זאָל טאקע זײַנ א שטורעמ.

נאָר פונ יענער זײַט פענצטער איז אָוונט. סע שמעקט מיט ליפּע־צוויט. סע האווקעט מײַנ הינטל מוציק. אונ ס׳איז שטיל.

דער טאטע ענטפערט ניט ארלען.

דער טאטע קוקט לאנג־לאנג אפנ שיידל פונעמ רעוואָלווער, אפנ געלנ געפלאָכטענעמ רימענדל, וואָס זעט זיכ ארויס בא ארלענ פונ אונטערנ פּידזשאקל.

— אוודע זיכ אנדערש פאָרגעשטעלט... ניט דערעסנ... אלצ געמיינט...—דער טאטע הויבט מיט די אקסל. ער צעשרײַט זיכ אפ מיר פּלוצימ, כ׳זאָל אראָפּ פונעמ בענקל. ער הויבט מיטאמאָל אָנ זאָגנ קרישמע. זאָגט גיכ. קיינ ווערטער הערט מענ ניט.

— מרמרמר—הערט מענ נאָר.

— געמיינט א קינד... וועט ווערנ א מענטש—גאָר רעוואָלווערלעכ—רײַסט ער איבער די קרישמע, פארהויבט דעמ פאָרהאנג איבער דער אלקער־טיר אונ פארשווינדט אינ אלקער.

ארל ווערט צעטומלט. ער הויבט אָנ בײַסנ די נעגל פונ די פינגער. גיט א דריי מיטנ קאָפּ. טוט א שמייכל—א שמוכ א ניט פארשטענדלעכנ צו דער מאמענ.

— וואָס? איר זײַט בארויגעז אפ מיר?

די מאמע זאָגט אימ—„אזא יאָר אפ מיר, אז מיר זאָל זײַנ פאר דיר" אונ הויבט זיכ אָנ ווישנ די אויגנ.

איכ הייב זיכ אָנ רוקנ צו אים. עפּעס שעם איכ זיכ. עפּעס גאָרניט אַרל. אונ מוירעדיק גרויס זעט ער אויס אינ מײַנע אויגנ.

איכ גיי צו נעענטער. איכ פאַרײַס צו אים דעם קאָפּ. כ'צי אים אויס די רעכטע האַנט אונ מיט דער לינקער, אײַנהאַלטנדיק דעם אָטעם, גיב איכ א גלעט דאָס שיידל פונ זײַנ רעװאָלװער.

— אָשערל!—װערט אַרל פריילעכער—ס'זאָל מינערנ א האָר—רעדט ער צו מיר אונ צו דער מאַמענ—אונ ס'װערנ אימ צװיי גריבעלעכ אינעם װײַסנ קײַלעכיקנ פּאָנעם,—די פּאָליטורטע שאַפע איז נאָכ א שאַפע... דאָס סאַמאָװאַרל שטייט נאָכ אפנ קײַלעכיקנ טישל... ס'איז שא. אונ ס'איז שטיל...

כ'פאַרשטיי ניט, װאָס אַרל מיינט דערמיט. בא אונדז איז װי אַלעמאָל:

די נים געטינקעװעטע אָפּגעװײַסטע סטעליע אפ די צװיי געבויגענע באַלקנס איז נאָר בעװאָרנ אזוי װי מיט א בײַכל אינמיטנ. איבער דער סטעליע ציטערט דער געלער קרײַז פונעם קאַניצל.

אַרל זעצט זיכ אוועק באַם טיש. די מאַמע דערלאַנגט אים עסנ. די שײַנ פונ קאַניצל טוקט זיכ, װערט טונקעלער אונ העלער. אַרלס קײַלעכיק אונ װײַס פּאָנעם װערט אויכ טונקעלער אונ העלער. זײַנע ברוינע אויגנ אונטער די לאַנגע װיִעס קוקנ מיט נײַגער אונ אָפּגעפרעמדקײַט:

— װי שטיל... אונ װי ס'איז דאָ אײַנגעזוּסנ...—באַטראַכט ער װידער די שטוב. ער גיט א פרוּװ דעם טיש, דעם קײַלעכיקנ טיש, װאָס האַלט זיכ אפ א רויטנ געשניצטנ פוס. לעם טיש שטייט די געזונטע קאַנאַפּע מיט די צװיי אויסגעשניצטע הילצערנע לייבנ, װאָס האַלטנ א קוישעלע הילצערנע קװייטנ. סע שטייט דאָס גלעזערנע בופעטל מיט די אויסגעשטעלטע שאָלנ אונ טעלער.

אַלצ איז בא אונדז װי צוגעװאַקסנ.

דער טאַטע לאָזט קיינמאָל ניט איבערשטעלנ דאָס מעבל. ער קענ ניט, זאָגט ער, זיכ פאָרשטעלנ, אז די געלע פּאָליטורטע שאַפע זאָל ניט שטיינ אינ װינקל, לעם דער קאַנאַפּע.

ער קענ ניט דער טאַטע, ער קענ ניט פאַרלײַדנ קיינ נײַעסנ אינ שטוב...

* * *

פונ יענעם אָװנט איז אַרל װייניק אינדערהיים. נאָר ניט איבערנ טאָטנ. אַרל איז זייער פאַרנומענ. איכ—אויכ.

אַרלענ קענ מענ איצטער געפינענ נאָר אינ רעװקאָם אָדער בא די קאָמיוניסטנ. ער לויפט איצטער שטענדיק אַרום מיט אונדזער קאָמיסאַר װעלװל כאַדאַרקאָװ. מע זוכט ברויט. מע לערנט זיכ שיסנ אונ מע מאַכט מיטינגענ.

איבער די מיטינגענ קענ איכ גאָרניט אײַנזיצנ אינ שטוב. זיי געפעלנ מיר שרעקלעכ. די מיטינגענ מאַכט מענ אינ בעסמעדרעש. דער טאַטע קענ עס ניט איבערטראָגנ. אַרל איז שטענדיק אפ דער בימע. מע האַלט אינ איינ רײדנ אינ בעסמעדרעש. נאָכ יעדער רעדע פּליעסקעט מענ אונ מע זינגט „שטייט אופּ איר אַלע, װער װי שקלאַפנ"... „שטייט אופּ"—איז א נײַע ליד. מע זינגט זי שטייענדיק. מיידלעכ מעגנ אינ די שאַלעכלעכ, נאָר מיר, די מאַנצבלענ, נעמענ אַראָפּ די היטלענ.

מע שטייט מיט הוילע קעפ אונ מע זינגט. מע זינגט מיט הארצ. סע ציטערנ די הענט אונ סע ברענענ די אויגנ. כ'האָב איינמאָל אזוי שטארק אונ מיט אזויפיל הארצ געזונגענ, אז מ'האָט מיך ארויסגעטריבנ פונעם מיטינג. נאָר איך בינ שוינ געווינט דערצו. סע ארט מיך ניט. ס'איז מיר נאָך קיינמאָל אזוי פריילעך אונ גוט ניט געווענ.

עפעס גרויס, ליכטיקס אונ אומבאוווּסטס רוקט זיך אונ דונערט איבערנ שטעטל.

נאָר דער טאטע האָט מוירע. ער וויל ניט, ארל זאָל זיך מישנ.

— לייע—שרייט ער צו דער מאמענ—ס'ווערט האָרע־קאָרע אינ שטוב...

פאר ארלענ אינ די אויגנ זאָגט ער עס אָבער ניט. כ'האָב מוירע זאָגנ, נאָר דער טאטע הויבט, דאכט זיך, אָנ מוירע האָבנ פאר ארלענ. כ'הער שוינ אויך אופ מוירע האָבנ פארנ טאטנ.

ארל האָט אים אפילע איינמאָל א זאָג געטאָנ:

— טאטע, ביסט שוינ, דאכט זיך, ניט קיינ קינד, טאטע!..

נאָר צעקריגט זייַנענ זיי ניט. פארקערט, ארל לאכט—אונ באָרניט.

אפ דערעמעסנ האָבנ זיי זיך צעאמפערט איבער מיר. אונ ניט אזוי איבער מיר, ווי איבער אָפיום. כ'האָב אפ מייַנ לעבנ ניט געזענ קיינ אָפיום. בא אונדז וואקסנ האָפנ. מיט האָפנ־פלאנטאציעס זייַנענ פול די פעלדער ארום אונדזער שטעטל. נאָר אָפיום—ניט.

איבערנ אָפיום אונ איבערנ כיידער האָבנ זיי זיך צעקריגט. ארלענ געפעלט ניט, וואָס איך גיי אינ כיידער. מיר געפעלט עס אויך ניט. איך מוז אָבער. סע טוט זיך אומגליק, אז איך גיי ניט. כ'האָב א ביטערנ רעבנ.

איר זאָלט זעענ מייַנ רעבנ, איז דאכט זיך, ניטאָ אפ וואָס א קוק צו טאָנ. א קליינס, א דארס, גיינ גייט עס גיך־גיך. צו די טאטעס שמייכלט עס, נאָר אינ כיידער איז עס א גאזלענ. זייַנע ביינערדיקע קלייַנדיקע הענטלעך, אז זיי גיבנ א פליאסק, קענ איך אייַך באָרניט איבערגעבנ דעם ווייטעק.

נאָר מער פונ אלעמענ שלאָגט ער זיאמענ. זיאמעס טאטע האָט מענ דערהארגעט אפ דער מילכאָמע. אלציינס צאָלט מענ פאר אים ניט. שלאָגט ער אים כאָטש. נאָר די לעצטע צייַט האָט ער אים מוירע שלאָגנ. ער הויבט אזוי אָנ שרייַענ, זיאמע, אז מע לויפט זיך צונויפ אונטערנ פענצטער. אָבער ניט פונ ווייטעק שרייַט ער,—נאָר גלאט אזוי. ס'איז אים געפעלנ. ער האָט זיך שוינ אזוי צוגעוווינט צו פעטש, אז סע ארט אים שוינ אפילע ניט. נאָר דער רעבע איז אָנגעשראָקנ. סע טאכט זיך אָבער, אז ער פארגעסט. איינמאָל האָט דער רעבע זיך, ווייַזט אויס, פארגעסנ אונ אים ארויפגעלאָזנ א פלאם־פייַערדיקנ פאטש. זיאמע זיצט פונקט לעם מיר. מיר זייַנענ אינ איינ קיטע. זיאמע האָט זיך אופגעהויבנ. די אייַנגעקנייטשטע נאָז, דאָס מויל כאָטש פאָר ארייַנ. ער האָט אָנגעהויבנ שרייַענ. אפנ גוואלד, שטעלט זיך פאָר, טאקע אינ מיטנ געשריי, צעעפנט זיך די קליינינקע נידעריקע טיר אונ ס'גייט ארייַנ דער קאָמיסאר וועלוול כאדארקאָוו אונ נאָך אים ארל.

ארל האָט זיך אמאָל געלערנט בא יאקעוו־לייבנ אונ ער גיט אים אָפ א גוטהעלפ.

וועלוול בלײַבט שטיין. די לופּט איז אים עפּעס ניט געפעלן. ער קרימט זיך. זיאמע בלײַבט א רעגע שטיל. נאָכדעם נעמט ער אָן א פול בײַכל מיט לופט און הייבט אזוי אָן רעווען, מיט אזא קאָל, אז ס'האָט מיר אזש אָנגעהויבן קלינגען אין די אויערן.

— כ'האָב, דאכט זיך, געזאָגט, אז ס'זאָל ווערן שטיל,—האָט א געשריי געטאָן וועלוול כאדארקאָוו,—קיין פּיפּס זאָל איך ניט הערן!

זיאמע, ווי ער וואָלט נאָר אף זײַן לעבן ניט געוויינט, האָט א וויש געטאָן מיט ביידע הענט די ליפּן און איז געוואָרן שטיל.

דער רעבע איז געוואָרן קלענער, פארוקט זיך אין אווינקל. כ'האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען, אז אזא רעבע זאָל מוירע האָבן. זײַן ווײַב, ווי זי איז געשטאנען באַם טיר, אזוי איז זי שטיין געבליבן.

— רעב יאנקעוו־לייב, כ'האָב שוין גערעדט מיט אײַך, צי כ'האָב ניט גערעדט,—האָט זיך וועלוול כאדארקאָוו אוועקגעזעצט אפן ברעג טיש. זײַנע אויגן זײַנען געווען רויט און מיד. ער איז, ווײַזט אויס, געווען ניט אויסגעשלאָפן. ער איז געזעסן און געקוקט אף די געזלעך פון זײַנע שטיוול.

— איר האלט מיך, ווײַזט אויס, פאר א יינגעלע!.. א טינטער נעמט מיט א בויגן פּאפּיר,—האָט ער א זאָג געגעבן צום רעבן.—זעצט זיך,—האָט ער זיך געווענדט צום רעבנס ווײַב,—האָט קיין מוירע ניט.

ארל האָט זיך אויך צוגעזעצט, גענומען עפּעס פארשרײַבן מיט א בלײַפעדער.

דער רעבע האָט גלײַך געכאפּט א טינטער, א שטיק פּאפּיר. די הענט האָבן אים נאָך מערער געציטערט ווי שטענדיק.

— שרײַבט—האָט געזאָגט צו אים וועלוול:—„איך"..

— איך,—האָט אים נאָכגעזאָגט דער רעבע און געשריבן אין פּאפּיר.

— יאנקעוו־לייב..

— יאנקעוו־לייב...

— גיב דעם דאָזיקן אונטערשריפט...

— אונטערשריפט...

— דעם רעווקאָם...

— רעווקאָם...

— אז כ'וועל שוין מערער ניט וואגן...

— וואגן...

— אָנשטאָפּן די קינדערישע קעפּ...

— קעפּ...

— מיט אָפּיום...

דער רעבע האָט אויסגעראָטשעט די אויגן, אָנגעהויבן רײַבן דאָס הענטל אין די האָר:

— וועלכער?.. ווי רופסטו דאָס... ווער שטאָפּט?.. וואָס רעדט איר, איך בעט אײַך, רעב וועלוול?..

— וואָסער רעב וועלוול?—שרײַבט אָפּיום!—האָט וועלוול געשריגן—רעליגיע!

— מארש!.. אויס כיידער—האָט וועלוול אונדז ארויסגעטריבן...

איכ בינ ארויס אונ זיכ גלײַכ אָנגעהויבנ טאפנ דעם קאָפּ. כ'האָב זייער געוואָלט ויסנ, מיט וואָס האָט מיכ דער רעבע אָנגעשטאָפּט. זיאמע האָט אפילע צעעפנט דאָס מויל אונ געדרייט מיטנ קאָפּ הינ אונ צוריק.

איכ האָב געברענט. איכ בינ ארײַנגעפאלנ אינ שטוב ווי א דונער. אויס!— האָב איכ נאָר באוויזנ אויסשרײַענ. נאָר איכ האָב זיכ גלײַכ פארהאקט. אינ שטוב בא אונדז איז געווענ כמורנע אונ אומרויִק. מײַנ פעטער מענאשע, א ייִד, וועלכער גלעט זיכ שטענדיק די באָרד, וואָס ער האָט ניט, שרײַט, אז ווענ ער האָט אזא זונ ווי מײַנ ברודער ארל, וואָלט ער זיכ געזעצט שיווע. ער שרײַט, אז ארל וועט אומגליקלעכ מאכנ די גאנצע שטוב. אז מע וועט אונדז אלעמענ אויסהארגענענ... אז מע דערוואַרט, א באנדע זאָל אָנקומענ.

— אויס כיידער! —האָב איכ שוינ געזאָגט א ביסל שטילער. אויס. דער רעבע האָט זיכ צעשריבנ פאר וועלוולענ אונ פאר ארלענ, אז ער האָט אונדז געשטופּט אינ קאָפּ...

נאָר כאָטש פלאצ, האָב איכ פארגעסנ ווי מע רופט עס אונ מיטאמאָל אויסגע־שאָסנ...—מיט אָפּנ...

— מיט וואָס?—האָט מײַנ טאטע צעעפנט אזוינע אויגנ, ווי ס'וואָלט אימ א ברי געטאָנ.

— מיט אָפּנ... שוינ אויס כיידער...

— כי־כי־כי,—האָט זיכ דער פעטער צעקאלאקאָטשעט אונ איז בייז געוואָרנ,— וויי צו וואָס מע'האָט זיכ דערלעבט... מע קריכט פונ די געדאנקענ... נעמענ אנ אלטנ ייִדנ אונ אויסקלערנ, אז ער האָט אָפּנ...

— וועלכע אָפּנ?—שרײַט דער טאטע.

נאָר הארגעט מיכ אויב איכ וויס וועלכע.

אינ שטוב ווערט טונקעלער. די מאמע צינדט אָנ דאָס קאנעצל, וואָס כ'האָב אליינ געמאכט. איכ האָב עס געמאכט פונ אנ אויסגעהוילטער קארטאָפליע, אָנגע־גאָסנ אינ דער קארטאָפליע אייל, צונויפגעדרייט פונ וואטע א קנייטל—אונ א בליצ־לאָמפּ איז פארטיק.

דאָס קאנעצל האָט זיכ צעלויכטנ.

ס'האָט א סקריפּע געטאָנ די טיר אונ ס'איז ארײַנ ארל. אזוי איז נאָכ ארל קיינ־מאָל ניט ארײַנ. ער איז ארײַנ אינ א פּאָר שטיוול. אפ דער לינקער האנט האָט ער געהאלטנ א שינעל. אפנ אקסל בא אימ—א ביקס, וואָס איז גרעסער פונ אימ. א רוק־זאק האָט ער נאָכ געטראָגנ אפ די פּלייצעס.

ארל האָט אפ קיינעמ קיינ קוק ניט געטאָנ, איז צוגעגאנגענ צו דער מאמענ, געבעטנ, זי זאָל אימ אויסבעטנ אונ צוגרייטנ ריינ וועש.

איכ לויפ צו צו אימ, הויב אימ אָנ באטראכטנ אונ באטאפּנ. נאָר ארל איז עפּעס בייז. ער לאָזט זיכ ניט צורירנ.

— נו, איז וואָסזשע זאָגסטו עפּעס?—ווענדעט זיכ צו ארלענ דער פעטער מע־נאשע. נאָר ווײַב קאָל איז כניפעדיק אונ אָנגעשראָקנ,—אָט האָסטו דיר דײַנע באָל־שעוויקעס... פרעג איכ דיכ אליינ... נעמענ א ייִדנ אונ אויסקלערנ אפ אימ גאָר

אָפּן־פּלאַנטאַציעס, אַז ער שטופּט אָן די קינדער מיט אָפּן... כי־כי־כי... אַז אָך און ווי איז אונדז...

— וועלכע אָפּן?—האָט זיך אַרל אָנגעצונדן. כ'האָב אים נאָך אַזאַ ניט געזען,—וואָס פאַרנעמט איר זיך מיט פּראָוואָקאַציעס?!

— וואָס הייסט, איך פאַרנעם זיך? ער דערציילט דאָך אַליין,—ווײַזט דער פעטער אַף מיר און הייבט זיך אָן רוקן אַף צוריק.

— ווער האָט אײַך דערציילט? קיינער האָט אײַך ניט דערציילט!—האָט אַרל אָנגעהויבן אַזש ציטערן,—מע גייט אָפּ מיט בלוט, און איר פאַרנעמט זיך מיט קאָנטער־רעוואָליוציע! פריִער אויסגעקלערט אַן אַלגעמיינע שיסל, און איצטער—אַ מײַסע מיט אָפּן!..

אין שטוב איז געוואָרן שטיל. אַרלס שאָטן האָט זיך אַ גרויסער, אַ שוואַרצער געוויגט אַפן וואַנט.

מ'האָט אַזש געהערט, ווי סע זידט די אייל אין קאַנעצל און ווי עפּעס בור־טשעט מיר אין בויך. פון זינט מע האָט מיך אָנגעהויבן האָדעווען מיט קלאַיען, בור־טשעט מיר אין בויך.

סע האָט גלײַך אַ קלאַפּ געטאָן די טיר, דער פעטער מענאַשע איז פאַרשווונדן פון יענער זײַט.

— מענאַשע! מענאַשע!—האָט דער טאַטע אָנגעהויבן שרײַען. זײַנע אויגן זײַנען געוואָרן גלעזערנע, פאַרגאָסענע.

— וואָס טרײַבט מען מענטשן?

דער טאַטע שרײַט מע זאָל אים זאָגן, ווער ס'איז דער טאַטע אין שטוב.

— אַ טאַטע בין איך,—צענעמט ער די הענט און די אויגן ווערן בײַ אים פאַרטערעט,—צי בין איך ניט קיין טאַטע?!

די שטוב—אַ שטוב. דאָס מעבל אַפן אָרט. נאָר האָרע־קאָרע.

— איך וויל וויסן,—שרײַט ער,—כ'וויל וויסן פאַרוואָס הערט מען מיך ניט? כ'וויל וויסן צי בין איך אַ טאַטע?

דער טאַטע ווערט קלענער. ער הויבט אונטער דעם רויטן פאַרהאַנג מיט די גרינע פויגלען, וואָס איבער דער אַלקער־טיר. דרייט זיך אויס צו אונדז און גייט אַוועק אין אַלקער.

די מאַמע זאָגט גאָרניט ניט. וואָס אַרל טוט—איז אָדער זי שווײַגט, אָדער זי וויינט. זי האָט נאָר מורע, מע זאָל אַרלען ניט הארגענען.

— אַרעלע,—שטייט צו צו אים די מאַמע,—זײַ ניט באַרויגעז אַפן טאַטן... קלײַבסט זיך ערגעץ אַוועקפאָרן?—און אירע ליפּן הויבן אָן אונטערציטערן און עפּעס הויבט זיך אָן וויגן בײַ איר אין האַלדז.

אַרל באַרויִקט זי. אַרל איז אויך צערודערט. ער בעט, זי זאָל אַרײַנלייגן אַ שטיקל ברויט מיט עטלעכע אוגערקעס אין זעקל, און זי זאָל אים גיכער אויסבעטן, ווײַל ער וויל זיך זייער אויסשלאָפן.

די מאַמע בעט אונדז אויס אינײנעם.

איך שטיי לעם פענצטער. אין גאַס איז פינצטער. הינט האַווקען פון די פויערשע הויפן און דאָ און דאָרט הערן זיך איינצלנע שאָסן.

— נו, גיי שלאָפנ,—פירט ער אָפ די מאמע צו דער אלקער־טיר.
— ארל,—זאָג איכ צו אימ שטיל־שטיל,—גייסט מאָרגנ אפ דער מילכאָמע?
— ש־שא... זיי שלאָפנ נאָכ ניט,—פארזשמורעט ער אנ אויג אונ לייגט צו א פינגער צומ מויל.

כ׳פארלעש דאָס קאנעצל. אינ שטוב איז פינצטער. אנטקעגנ פענצטער בלישטשעט אָפ די רער פונ זײַנ ביקס. איכ בינ אימ איצטער שרעקלעכ מעקאנע. כ׳האָב אימ איצטער אזוי ליב, ווי קיינמאָל ניט.

— אָשער,—הויבט ער זיכ מיטאמאָל אונטער אפנ עלנבויגנ—כ׳פאָר אוועק. געדענק זשע, ניט שפרינגענ אינ פאָנעמ אונ זיי ניט אָנטאָנ קיינ צאַרעס,—אונ ער ווײַזט מיר אינ דער פינצטער אפנ אלקער.

מיר דרייענ זיכ ביידע צונויפ אונטער דער קאָלדרע. כ׳זאָג אימ אלצדינג צו. כ׳נעמ אימ שטארק־שטארק ארומ. כ׳וויל זייער אונ זייער מיט אימ עפעס ריידנ אונ זייער אסאכ זאכנ פרעגנ.

— ארל,—זאָג איכ צו אימ שטיל־שטיל.
— נו?
— ווער זײַנענ עס די שקלאפנ?
— וואָסערע שקלאפנ?
— נו, יענע, וואָס מע זינגט, זיי זאָלנ אופשטיינ.
ארל שווײַגט.
— אָשער?
— הא?—הויב איכ זיכ אונטער.
— שלאָפ!—דרייט ער זיכ אויס צו מיר מיטנ פאָנעמ. ער איז מיד אונ ווערט גיכ אנשלאָפנ. איכ דריק זיכ נאָכ שטארקער צו צו אימ, ארומגענומענע דרייענ מיר זיכ צונויפ אונטער דער קאָלדרע.

## ווי ס׳האָבנ מיכ געטריבנ די זאנגענ

ארל איז שוינ לאנג ניטאָ אינ דער היימ.

ארל מיט אסאכ זײַנע כאווײרימ, כעוורע פונעמ שטעטל, זײַנענ אפנ פראָנט. ארל האָט א פערד, האָט א ביקס.

— ס׳איז זייער אומעטיק געוואָרנ אינ שטוב אָנ ארלענ.

די לעצטע טעג לאָזט מענ מיכ אפילע ניט ארויס פונ שטוב. מ׳האָט אָנגעהויבנ פארהאקנ אפ נאכט די לאָדנ. מע פארהענגט מיט לײַלעכער די פענצטער, ס׳זאָל זיכ ניט דורכשלאָגנ די שײַנ דורכ די שפארונעס.

שוינ עטלעכע טעג האלט מענ אינ איינ ריידנ, אז ס׳קומענ פעטליוראָווצעס מיטנ אטאמאנ ליסיצע אונ ס׳דארפ זײַנ א פאָגראָמ.

אלע האָבנ מוירע. איכ האָב קיינ מוירע ניט.

כ׳האָב אלצדינג ליב, וואָס כ׳האָב קיינמאָל ניט געזענ. כ׳האָב קיינמאָל ניט געזענ קיינ פאָגראָמ אונ וויל אימ זענ.

— מאמע—האָב איכ זיכ צוגעטשעפעט—ס׳וועט זײַנ דער פאָגראָמ?

דער טאטע האָט מיך באטראכט, ווי ער זאָל מיך דאָס ערשטע מאָל זען. נאָכדעם האָט ער זיך אײַנגעהאָרבעט, דער שטערן האָט זיך אײַנגעקנײטשט, די אויגן זײַנען געוואָרן גרעסער:

— גוואלד,—איז ער אָפּגעלאָפן פון מיר,—לײע, נעם אים צו,—האָט ער אָנגעהויבן שרײַען צו דער מאמען,—כ׳וועל אים, דאכט זיך, טײטן, לײע!..

נאָר די מאמע דארף מיך ניט צונעמען. כ׳אנטלויף אליין. דער טאטע איז בײז, נאָר פון זינט מע וואַרט אפן פּאָגראָם איז געוואָרן פרײלעכער אין שטוב. כ׳האָב ליב זײַן צווישן מענטשן און דאפקע צווישן גרויסע. זיך אוועקזעצן בא א זײַט און הערן־הערן—באָרגיס אופהערן · הערן, וואָס סע ריידן צווישן זיך די גרויסע. וואָס מע דערציילט ניט, ווענן וואָס מע רעדט ניט, נאָר אבי מײַסעס, אבי מע זאָל דערציילן. זאָל מען אפילע שווײַגן. נאָר זאָל מען זיצן בא אונדז. זאָלן זײַן בא אונדז אסאך-אסאך מענטשן!

אויך הײַנט אפדערנאכט וועלן זײַן בא אונדז אסאך מענטשן.

אלע לויפן זיך צו אונדז באהאלטן. צו אונדז, זאָגט מען, וועט מען ניט גיין. אונדז וועט מען ניט טשעפּען. בא אונדז איז ניטאָ זאָגט מען, וואָס צו ראבעווען.

אונדזער שטיבל איז אן אלטס און א נידעריקס. סע שטייט אין סאמע עק, צווישן סעדער און לאָנקעס. איבער די סעדער און לאָנקעס זעט מען קימאט ניט ארויס אונדזער שטיבל. ווען ניט דאָס שווארצע שטיקל קוימען, וואָלט מען אפילע ניט ארויסגעזען דעם דאך. ס׳איז בא אונדז א מאָדנער דאך. ער איז געדעקט מיט שינדלען און וואָס איר ווילט וואקסט אפ אים. ער איז פול מיט מאָך און אפן מאָך וואקסן בודיאקעס, קוויטן, קראָפּעווע, בירקעס און אפילע קאָנעשינע...

כ׳פארשטײ ניט. פארוואָס זאָלן מען צו אונדז ניט קומען. כ׳האָב זייער ליב אונדזער שטיבל. איך און די שוואלבן האָבן עס אויך ליב. אונדזערע סטריכעס זײַנען אינגאנצן באקלעפּט מיט זייער קײַלעכיקע שווארצע נעסטן פון בלאָטע.

די מאמע איז מיט מיר מאסקים. די מאמע זאָגט, די פּעטליוראָוצעס זאָלן זיך בעסער אויסברעכן די פיס, נאָר זיי וועלן קומען.

מיר האָבן אסאך זאכן. מײַן מאמע האָט עטלעכע נאקלאדנע לעפל. מיר האָבן צוויי ניקלענע און צוויי מעשענע לײַכטערלעך, א זילבערנעם ווײַנער.

די מאמע שלעפּט ארויס אלע שופלאָדן. איך העלפ. איך ריִע, איך נישטער. אין שטוב איז ווי מע זאָל זיך דארפן איבערקלײַבן.

דער טאטע שרײַט, כ׳זאָל זיך אופהערן פּלאָנטערן. דער טאטע קרעכצט.

די זאכן דארפן מיר אוועקטראָגן צו אונדזער שאָכן לאדימער. דער טאטע טראָגט דאָס פּעקל און איך לויף פון פאָרנט.

לאדימערס שטיבל איז ניט ווײַט פון אונדזערס. ס׳איז אויך א נידעריקס, נאָר בא אונדז זײַנען גרעסער די פענצטער און דער דאך איז ניט געדעקט מיט שטרוי ווי בא אים. כ׳ווייס זייער גוט דאָס שטיבל. דאָ וווינט פּאוליק. און פּאוליק איז מײַן כאווער.

בא דער שוועל פוזשע איך אופ לאדימערס רויט קעלבל מיט דער ווײַסער מאָרדע.

כ׳עפן אופ די טיר און גיי ארײַן.

לאדימער עסט וואַרמעס. ער זיצט מיט פאוליקנ באם טיש, זיי עסנביידע באָרשטש פונ א גרויסער ערדענער שיסל.

דער טאטע זאָגט אים: „סנידאַניע נא זדאָראָוויע“ און לאדימער בעט אים צום טיש.

לאדימער רוקט אָפּ פונ זיכ די שיסל. ער ווישט זיכ אָפּ מיט ביידע הענט די וואָנצעס און די לאנגע געלע באָרד, הויבט זיכ אופ פונ דער באנק, בלייבט שטיינ אינ די צעלעכערטע לייַוונטענע הויזנ. ער שפּאַרט קימאַט אונטער די נידעריקע סטעליע.

ער פאַרבייגט זיכ פאַר דער איקאָנע, ציילעמט זיכ איבער מיט צווייַ פינגער.

— אזא אומגליק!—דרייט ער מיטנ קאָפּ און זייַנע ניט פאַרקעמטע האָר צעפּאַטלענ זיכ נאָכ מערער,—אזא אומגליק!..

ער שטייט ווי אלעמאָל איינגאַנצנ אנ אויסגעשמירטער מיט ליים. די הויזנ זייַנענ בא אים פאַרקאַטשעט, ער שטייט, ווי אינ א בלאָטע. דער דיל איז פיל און פול מיט דער צעפירטער ליים, פונ וועלכער לאדימער מאַכט טעפּ.

ער שטייט אנטקעגנ טאַטנ, צענעמט פאַר אים די הענט, ציטערט מיטאַמאָל אופ. דער טאַטע האָרבעט זיכ אויכ אייַנ. רוקט אַרייַנ אנ אַרבל אינ אנ אַרבל.

דורכנ נידעריקנ אָפענעם פענצטערל דערטראָגט זיכ מיטאַמאָל א קלויסטער־געקלאַנג.

— דושוהוּבניקעס!—פאַרהאַקט לאדימער דאָס פענצטער, נעמט צו דאָס פעקל באם טאַטנ און פאַרשווינדט מיט דעם אינ פירהויז.

דער טאַטע ווערט צערודערט. ער נעמט מיכ אָנ פאַר א האַנט און פירט מיכ צוריק אהיים.

דער טאַטע פירט מיכ ניט דורכ דער גאַס, מיר גייענ לענגויס די פּלויטנ. דער טאַטע איז געוואָרנ עפּעס אזויווי נידעריקער. ער שטעלט זיכ אַלעמאָל אָפּ און הערט זיכ אייַנ.

פונ די קלויסטער־קלאַנגענ ווערט מאָרעשכווירעדיק אונ וויסט אפ דער גאַס. קיינ פייַערל, גאָרניט ניט. די טירנ און די לאַדנ זייַנענ שוינ פאַרהאַקט.

איבער די נידעריקע אייַנגעשטילטע הייַזער הויבט זיכ דער ווייַסער הילצערנער קלויסטער מיט די דרייַ גרינע דעכלעכ. די דעכלעכ זייַנענ אזוי ווי איבערקערטע ציבעלעס, אינ וועלכע סע שטעקנ דרייַ ציילעמער די ציילעמער בלישטשענ אנטקעגנ דעם זונ־פאַרגאַנג.

ס'ווערט מיר אומעטיק. ס'ווערט מיר שטענדיק טרויעריק, אז ס'הייבט אָנ קלינגענ דער קלויסטער. ער הייבט שטענדיק אָנ קלינגענ שעבייסענאַכטס. דעמאָלט ווערנ אינ שטוב איז פינצטערלעכ און ס'הייבט זיכ אָנ רוקנ די נימעסע וואָכ. כ'העלפ דעמאָלט דער מאַמענ געפינענ א שטערנ אינ הימל. און אז איכ געפינ דעם שטערנ, צינדט די מאַמע אָנ דאָס פינפער לעמפל. און אויס שאַבעס. מאָרגנ איז זונטיק. און זונטיק דאַרפ מענ גיינ אינ כיידער. דער טאַטע און די מאַמע וועלנ שוינ ניט זייַנ אינ שטוב.

אָבער הייַנט איז ניט שעבייסענאַכטס. הייַנט איז דאָנערשטיק.

אונדזער שטוב איז שוינ פול מיט מענטשנ. דער טאַטע עפנט שטיל־שטיל די טיר, זי זאָל כאַלילע קיינ סקריפּע ניט טאָנ. מיר עפענענ נאָר די טיר, הייבנ זיכ

אלע אופ. אז מע דערזעט מיכ מיטנ טאטנ, הייבט מענ זיכ אָנ צעגיינ אפ די שפּיצ־פינגער.

מ'איז זייער דערשראָקנ. איכ גיב א רוק א בענקל, כאפּט זיכ מײַנ מומע איטע אָנ באַם קאָפּ. מײַנ מומע איטע זיצט אינ ווינקל אפנ דיל. זי זיצט אינעם שווארצנ קליידל אונ אינעם ווײַסנ קאָפּטל, וואָס מיט די פּינטעלעכ. זי ווארט נאָכ אלצ, ניומע זאָל קומענ פונ דער מילכאָמע.

דעם קאָפּ האָט זי אָנגעשפּארט אינ וואנט. די שײַנ פונעם קאנעצל וויגט זיכ איבער איר אויסגעמאָגערטנ פּאָנעם. זי זיצט צוגעמאכט די אויגנ.

— א־א־א־א—וויגט זי שטילערהייט איר קינד, וואָס ליגט בא איר אפ די קניִעס.

— כ'בעט דיכ, אָשערל, זיצ, אָשערל,—עפנט זי די אויגנ.

נאָר איכ קענ ניט זיצנ. איכ קענ ניט אײַנזיצנ, אז ס'זײַנענ דאָ אסאכ מענטשנ. כ'רוק זיכ פונ איינ אָרט אפנ צווייטנ. די לאָדנ זײַנענ צוגעמאכט, איז פינצטער. קוים־קוים וואָס סע טשאדעט דאָס קאנעצל. איכ פארטשעפּע זיכ אלעמאָל אינ עמעצנס פיס. א וועלט מיט פיס זײַנענ עפּעס אינ שטוב. נאָר אלע צערוקנ זיכ אונ גיבנ אכטונג, איכ זאָל זיכ ניט פארטשעפּענ.

מיט מיר איז מענ נאָכ קיינמאָל אזוי גוט ניט געווענ. קיינמאָל האָבנ עלטערע ייִדנ ניט גערעדט מיט מיר אזוי פרײַנטלעכ. מע רופט מיכ „אָשערל“ אונ „קעצעלע“ אונ „ווײל ייִנגעלע“. אלע בעטנ מיכ, איכ זאָל ראכמאָנעס האָבנ אונ זיכ אופהערנ ארומדרייענ.

מע האָט מוירע מיר א ריר טאָנ. אפילע דער טאטע טשעפּעט מיכ ניט. זייער א הויכ קאָל בא מיר. קיינער וויל ניט איכ זאָל ווײנענ.

די מאמע גיט מיר א קוש אונ לייגט מיכ אוועק לעם זיכ אפ דער קאנאפּע. די מאמע טוט מיכ אפילע ניט אויס. פארקערט, זי פארשפּיליעט מיר דאָס העמדל אונ טוט מיר אָנ מײַנע קאראקוזלעכ. מ'האָט מיכ נאָכ קיינמאָל ניט געלייגט שלאָפנ אינ די קאראקוזלעכ. די מאמע ליגט לעם מיר אינ איר שווארצ פּליושנ סעקל. ס'איז הייס אונ זי ליגט פונדעסטוועגנ אנ אָנגעטאָנענע.

כ'שפּאר זיכ אָנ אינ איר. כ'האָב איצטער זייער ליב די מאמע. כ'וויל בא איר עפּעס פרעגנ. נאָר זי הייבט מיר אָנ גלעטנ די האָר אונ בעט מיכ זײַנ שטיל. זי הויבט זיכ אונטער. סע רודערט זיכ עפּעס אינדרויסנ. ס'איז זייער שטיל אונ מע הערט זייער גוט, ווי ס'הויבנ אָנ קלינגענ רעדער אפנ שאָסיי. עפּעס אסאכ וועגענער פאָרנ צום שטעטל.

דער טאטע שטייט לעם פענצטער, קוקט ארויס דורכנ ארויסגעפאלענעם סוק אינ דעם לאָדנ.

ער קוקט לאנג־לאנג.

ווער פאָרט עס?

כ'נעם ארום מיט ביידע הענט דער מאמעס האלדז. די מאמע ענטפערט ניט. זי דריקט זיכ צו צו מיר. זי קוקט מיר אינ די אויגנ. זי ווײנט, דאכט זיכ.

איכ דריי זיכ צונויפ, נאָר כ'קענ ניט שלאָפנ. איכ ליג מיט אָפענע אויגנ אונ קוק אפ די מענטשנ. א פולע שטוב מיט מענטשנ, אונ אלע שווײַגנ.

אז אלע שווײַגנ קענ איכ לאנג ניט ליגנ מיט אָפענע אויגנ. איכ נורע זיכ אײַנ.

קיינמאָל קענ איכ ניט באמערקנ, ווי איכ ווער אנשלאָפנ. איכ ווייס נאָר, אז איכ בינ געשלאָפנ. ווײַל פארטאָג האָב איכ זיכ אופגעכאפט. א בלויקײַט האָט זיכ דורכגעשלאָגנ דורכ די לאָד־שפארונעס. די מאמע ליגט לעמ מיר מיט אָפענע אויגנ. די מומע איטע זיצט ווי זי איז געזעסנ.

— א־א־א־א—הער איכ ווי שטיל־שטיל וויגט זי דאָס קינד.

אפ לאנג כאפ איכ זיכ ניט אופ. ס׳איז זייער גוט צו שלאָפנ פארטאָג. איכ דריי זיכ אײַנ. איכ צי צו די קניִעס ביז צומ מויל, אונ ס׳איז מיר זייער גוט.

נאָר מע לאָזט ניט שלאָפנ. מע שרײַט, דאכט זיכ מע שלעפט מיכ. כ׳פיל שוינ גוט, אז מע טאָרעט מיכ. נאָר כ׳וויל ניט אופשטיינ. כ׳האָב זייער פײַנט, אז מע וועקט מיכ.

מ׳האָט מיכ שוינ אפילע א הויב געטאָנ. סע האלט מיכ דער טאטע. כ׳רײַב זיכ די אויגנ. כ׳וויל זיכ שוינ פונ קאעס צעוויינענ. איכ רײַס זיכ אויס, אונ וויל זיכ צוריק אוועקלייגנ אפ דער קאנאפע, נאָר ס׳גיט א פלאצ דאָס פענצטער. ס׳הויבט זיכ אָנ שיטנ גלאָז. ווײַסע, אויסגעצויגענע געשרייענ רײַסנ זיכ ארײַנ דורכנ פענצטער. קיינער איז ניטאָ. אינ שטוב איז נאָר דער טאטע אונ די מאמע.

— לייע!—שרײַט דער טאטע אונ שפארט זי צומ אלקער־פענצטער—לויפ!—אונ זײַנע אויגנ זײַנענ איצטער שרעקלעכ,—ווארט ניט! איכ וועל אָפנ בוידעמ. לויפ!..

די מאמע קוטעט זיכ אינעמ שווארצנ פלושענעמ סעקעלע. איר קליינינק ווײַס פּאָנעמ איז ווי קרײַד. זי וויל אָבער ניט לויפנ אָנ דעמ טאטנ.

דער טאטע גיט מיכ א הויב. ער שטופט מיכ ארויס דורכנ פענצטער אונ העלפט מיר אריבערקריכנ דעמ פלויט פונ אונדזער שאָכנס סאָד. נאָכ מיר שטופט ער ארופ די מאמע. איכ רײַב זיכ די אויגנ. די מאמע האלט מיכ צו. ארטאָפשפרינגענדיק, פארטשעפענ מיר עטלעכע צווײַגנ פונ די עפלביימער. ס׳גיבנ זיכ א שאָט אפ מיר קאלטע טוי־טראָפנס. כ׳ציטער אופ פונ דער פרימאָרגנדיקער קעלט.

די מאמע זעצט זיכ אראָפ אפ דר׳ערד. עמעצער לויפט אינ סאָד. ערגעצ פונ צווישנ די ביימער הייבט אָנ וויינענ א קינד. א ווײַס קאָפטל הויבט זיכ אופ. א חײַס פּאָנעמ מיט לאנגע צעפאטלטע האָר נעענטערט זיכ צו אונדז.—א־א־א,—זינגט די מומע איטע צומ קינד. אונ ס׳קינד שרײַט אונ וויל ניט שטיל ווערנ.

מײַנ מאמע כאפט זיכ באמ קאָפ. זי וויל ניט דאָס קינד זאָל וויינענ. מײַנ מאמע שלעפט מיכ. זי לאָזט זיכ לויפנ.

סע לויפנ נאָכ מענטשנ. כ׳קענ זיכ אפילע ניט צוקוקנ ווער סע לויפט. מע בויגט זיכ צו דער ערד. מע לויפט מיט קוישלעכ. איינער לויפט מיט א סאמאָוואר אונ איינער גאָר א נאקעטער, נאָר אינעמ גרעט, ער זעט אויס ווי א מאכשייפע. פונעמ אָט־דעמ נאקעטנ ייִדנ קענ איכ גאָרניט אָפרײַסנ די אויגנ. אנ אלטער ייִד, אונ ער לויפט א נאקעטער.

איכ קוק אפנ ייִדנ אונ וויל לאכנ. נאָר איצטער קענ איכ עפעס ניט לאכנ.

פונעמ סאָד לויפנ מיר ארויס אפ קארטאָפל־גערטענער. נאָכדעמ אפ א לאָנקע. כ׳שרינק זיכ אינעמ גראָז. דאָס גראָז שמײַסט מיר אינ פּאָנעמ. איכ כאפ אלעמאָל א זעצ. איכ פאל אונ די מאמע הויבט מיכ אופ.

די מאמע קענ שוינ ניט לויפנ. זי אָטעמט שווער, בלײַבט שטיינ באמ טײַכל, וואָס שנײַדט איבער די לאָנקע. דאָס טײַכל קענ מענ איבערגיינ, נאָר אפ דער אומ־

זיי. כ'וועל באלד אָנהויבנ שרײַענ. איכ בינ קיינמאָל ניט געווענ אליינ. כ'האָב מוירע. כ'האָב אָבער מוירע שרײַענ.

כ'הייב זיכ אָנ פאמעלעכ אָפּרוקנ. איכ רוק זיכ פריִער מיט דער פּלייצע. כ'פאַר־שטעל זיכ די אויגנ. נאָכדעם גיב איכ זיכ א דריי און הייב אָנ לויפנ. נאָר די זאנ־גענ לויפנ מיר נאָכ. וואָס איכ לויפ גיכער, אלץ העכער ראשנ זיי. זיי פּאטשנ מיר אינ פּאָנעמ. די שטענגלעכ האקנ מיר איבער די פיס. איכ פאל. איכ הויב זיכ אופ און לויפ ווײַטער.

לויפנדיק דערשרעק איכ עפּעס א פויגל. ער גיט זיכ א הויב מיט א געשריי פונעמ קאָרנ. כ'בלײַב א רעגע שטיינ. מײַנ דינער הויכער קוויטש הויבט זיכ אופ צו דעמ הימל, און פונ אלע זײַטנ ענטפערט מיר דער ווידערקאָל. מער קענ איכ ניט.

איכ לויפ און קענ שוינ ניט לויפנ. איכ לויפ שוינ לאנג. שטענדיק, אז איכ לויפ אסאכ, הויבט מיר אָנ שטעכנ אינ בויכ. איכ שטעל זיכ אָפּ. כ'לאָז זיכ אראָפּ צווישנ די זאנגענ. די זאנגענ שורעווענ. זיי טרײַבנ מיכ. כ'לויפ, און זיי לויפנ מיר נאָכ.

כ'ווייס שוינ אליינ ניט וויפל איכ לויפ. נאָר ס'פעלד האָט זיכ געענדיקט. קוים פּלאָנטערנדיק מיט די פיס, בינ איכ ארויס אפ א לאָנקע. די לאָנקע איז מיר א באקאנטע, ס'איז מיר באקאנט די אומגעפאלענע ווערבע איבערנ טײַכל.

איכ זעצ זיכ צו.

פונ יענער זײַט לאָנקע זע איכ שוינ דאָס שטעטל. א שווארצער רויכ קײַקלט זיכ פונ דאָרטנ. סע ברענט. סע שמעקט מיט סמאלענע. נאָר גאָרניט ארט מיר ניט. ס'איז מיר נאָר עפּעס מאָדנע. כ'רײַב זיכ די אויגנ:

ווי אלעמאָל שטייענ ווערבעס—ניט גערירט זיכ אפילע פונ אָרט. סע וווּנדערט מיכ אפילע אפ די הינט. פונ די ארומיקע הויפנ האווקענ זיכ איבער די הינט: סע קוואקענ פרעש פונ די סאזשלקעס. א שווארצער, מיט ווײַסנ־געפלעקטער בושל שפּאנט ארומ אפ די דארע רויטע פיס.

איכ קוק אפנ בושל און בינ אימ מעקאנע, וואָס ער איז א בושל.

אפילע די ווערבעס בינ איכ מעקאנע.

איכ זיצ לאנג, לאנג אינעמ הויכנ לאָנקע־גראָז.

כ'קראטשקע זיכ נאָכ דעמ ארופ אפ דער איבערגעקערטער ווערבע. כ'בויג זיכ אראָפּ צומ טײַכל. כ'לייג צו דאָס מויל. רעדעלעכ צעגייענ זיכ איבערנ וואסער. אז רעדעלעכ פארשווינדנ, דערזע איכ דעמ זונ־פארגאנג, דעמ איבערגעקערטנ הימל און מײַנע קליינגעוואָרענע אויגנ. כ'דערזע זיכ אינעמ טײַכל. ס'מויל איז בא מיר אביסעלע אָפנ. מײַנע צעפּאטלטע האָר זײַנענ צוגעקלעפּט צומ צעדראפּעטנ שטערנ.

איכ קריכ אריבער די ריטשקע און שלעפּ זיכ אהיימ. פונ מידקײַט הער איכ אפילע ניט קיינ געשרייענ און קיינ שיסערײַ.

פלוצימ האָב איכ דערהערט נאָענט לעמ זיכ א שאָרכ.

כ'האָב זיכ אראָפּגעלאָזנ ביזנ מויל אינ וואסער, ארויסגעקוקט פונ צווישנ די ברייטע לעפּעכעס. נאָר ס'איז געווענ א קעלבל. ס'האָט זיכ געפּאשעט לעמ די גערט־נער. א רויט קעלבל מיט א ווײַסער מאָרדע.

כ'בינ צוגעגאנג צו דעמ.

סע דערקענט מיכ, ווײַזט אויס, און —מ־מו־ו—מאכט עס צו מיר. נאָר מער האָב איכ שוינ קיינ קויעכ ניט. כ'לייג זיכ אוועק לעמ דעמ. און מער געדענק איכ שוינ ניט.

כ'געדענק נאָר, אז שפּעטער האָט מיכ עמעצער א הויב געטאָנ. מ'איז געקומענ, ווײַזט אויס, אָפּבינדנ דאָס קעלבל. כ'האָב דערפילט, ווי מע נעמט מיכ אפ די הענט. כ'האָב דערזענ א געלע באָרד. כ'האָב אפילע נאָכדעם דערזענ א נידעריקע שטוב מיט א קופּע ליימ אפנ דיל, דערזענ געלע, נאָכ ניט געברענטע טעפּ. נאָר כ'האָב גאָרניט געקענט ריידנ.

י. קאָטליאַר

# לידער

## באַם יאַם

איכ האָב געזעג דעמ יאַמ. ער האָט געברענט
מיט שײַנער פאָספאָר־ליכט פונ ברעג פונ שטילנ,
מיט אויסגעשטרעקטע ציטערדיקע הענט
ביסטו אַרײַנגעגאַנ אינ פלאַמ אינ קילנ.

כ'האָב ניט געפרעגט. ס'איז גוט געװענ אַזוי
אינ שײַנער קישעפ-נאַכט באַמ פעלז באַמ קרומענ
די ליפנ דײַנע אונטערצינדנ, פרוי!
אונ דו האָסט זיי בא מיר ניט צוגענומענ.

אַזוי־אָ, צוגעלאָזט אונ גלוּיִק־אײַנגעשטילט,
אינ דאָרעמ-נאַכט, אונ די קראַפט פונ די שטערנ
אינ דיר—כ'האָב אַמ אַנ אויגנבליק דערפילט
די שײַנ פונ זײַנ, דעמ ציטער פונ דעמ ניט װערנ...

## האַלב שאָטנ, האַלב זונ...

האַלב שאָטנ, האַלב זונ. ער איז שטרענג אונ איז מילד,
ביז די קני אינעמ יאַמ שטייט ער פרײַלעכ פאַרטראַכט
אָט דער פעלזיקער באַרג. ס'האָבנ שטורעמס געשפילט
איבער אימ זייער שפּיל. פאַר אַנ אָפּגאָס געמאַכט.

אונ מיט בליצנ מיט קרומע זײַנ נאַקנ געברענט,
אונ אינ דונערס געװיקלט. געװײנט אונ געװויעט
אונ נאָכדעמ מיט כװאַליעס געגלעט, װי מיט הענט.
אונ אָפּגעשװאַכט, װאָרעמ דעמ שטיינ זיכ פאַרטרויט...

האלב שאָטנ—האלב זונ, האלב העל און האלב שווארצ,
ער בײַט די קאָלירנ דעמ „כאמעלעאָנ“ *)
און עפשער גאַר בײַט די קאָלירנ מײַנ הארצ,
מײַנ הארצ, וואָס דעמ צווייטנ קרײַז לעבנ הויבט אָנ?!

א שטורעמ־וינט ברעכט און א שטורעמ-וינט שטארקט!
ער וועט נאָכ באפאלנ, ער וועט נאָכ אראָפּ,
און איכ בינ מעקאַנע דעמ פּעלזיקנ בארג,
וואָס שטעקט אינ פארנאכט מיט האלב זוניקנ קאָפּ.

* * *

ס'איז איינע שווארצ, די צווייטע—בלאָנד,
איכ האָב זיי ביידנ הײַנט דערמאָנט.
און קוק איכ אפנ בארג אינ דר'הויכ,
ער שטעקט אינ הימלדיקנ רויכ.
די זונ פארגייט, זײַנ קאָפּ ווערט קלאָר,
דערזע איכ אירע בלאָנדע, דײַנע האָר!

און נידערט נאָר אראָפּ מײַנ בליק,
איכ זע דעמ בארג אינ שאָטנס ליגט,
און טונקעלע שאָטנס זײַנענ קיל,
צוויי שווארצע ברעמענ איכ דערפיל.
און ביידע ווערנ ליב און נאָענט
אי די, וואָס שווארצ, אי די, וואָס בלאָנד!..

## פּײַערלעכ...

פּײַערלעכ זײַנענ אָנגעפלויגנ
ניט פונ דערנאָענט,
עפשער האָבנ זיכ עמעצנס אויגנ
אָנ מיר דערמאָנט?

עפשער האָט זיכ פונ שלאָפּ פונ צארטנ
אופגעכאפּט מײַנ קינד,
און קוקט אינ דער נאכט און אינ לאנגנ ווארטנ
הערט ער זיכ צו צומ ווינט.

---

*) א בארג אינ קאָקטעבעל—קרימ.

גוט הער זיך איַין—זאָלסט פון גאָרניט קלערן,
וועסט דערהערן מיסטאָם
דעם מורמל פון יאַם, ווען אַ הימל מיט שטערן
טוקט זיך אין רויִקן יאַם.

גוט קוק זיך איַין—ביסט אין מיר דאָך געראָטן,
וועסט דערזען געוויס,
ווי איבער די פעלזן די טונקעלע שאָטנס
לויפן אָן הענט און אָן פיס...

פייערלעך זיַינען אָנגעפלויגן
ניט פון דערנאָענט,
עפשער האָבן זיך עמעצנס אויגן
אָן מיר דערמאָנט?..

א. ווערגעליס

# לידער

## ס׳איז פאר א טרוימער גאָרניט ניט פארבאָטן

כ׳האָב זיך פארבענקט אין פרילינג נאָך א שניי, —
מיט שטילער פרייד דעם סאָד האָב איך באטראָכטן,
צעוויגט א צווייַג... דעם צוויט האָב איך צעווייט,
און ס׳האָט א שניי, א פרילינג־שניי געשאָטן...

כ׳האָב זיך פארבענקט אין ווינטער־צייַט נאָך צוויט, —
אליין ארייַן בין איך אין סאָד אין ווייַסן,
געזען: דער שניי פון צווייַגן שיט און שיט,
ווי עמעץ וואָלט די צוויטן פון זיי רייַסן...

— — — — — — — — — — — — — —

געליבטע! אָפט איך קוש דיך בא א בוים,
כאָטש קיינמאָל האָסט מייַן סאָד נאָך ניט באטראָכטן...
ס׳איז פאר א טרוימער גאָרניט ניט פארבאָטן,
פון אלץ געניסט ער, וואָס ער זעט אין טרוים!

* * *

אין דייַן שווארצאפל לייגט די וועלט זיך אויס,
די גאנצע וועלט לייגט זיך אויס אינעם קרייַז פון דייַן שווארצאפל...
מייַן טייַערע!
בייג אָן זיך נאָך א קאפל,
וועל איך דערזען זיך אין מייַן גאנצער גרויס
בא דיר אין אויג, אין קרייַז פון דייַן שווארצאפל.

כ׳וועל גאָרניט זאָגן דיר, כ׳וועל קוקן אף דיר שטום,
די צארטסטע ליבע־ווערטער וועל איך אין מייַן הארצן צוימען.

.. א קליינינק פינטעלע, נאָר ס'טוקן זיך אין דעם די רוימען,
און אלע אינדערפרי גייט אופ אין דעם א זון.
אפ ווײַסן קישעלע אן אומרויִקס עס צאפלט,
קיין שטראל קיין איינציקן פון די ארומען ניט פארלירט.
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —
איך וואָלט געוואָלט דאָס גאנצע לעבן זען דעם וויג פון דײַן שווארצאפל,
דאָרט אויסלייענען דעם טרוים דעם העלן וועגן מיר.

* * *

שטעל זיך אוועק בא מײַן צוקאָפּנס
און לייג אוועק אפ מײַן שטערן די הענט.
דער שלאָף איז געקומען און איז אנטלאָפן,
איך האָב דיך געזען, נאָר ניט דערקענט...

דו ביסט צו מיר אין כאָלעם געקומען,
דו האָסט געטראָגן פארוויאנעטע בלומען.

די שענסטע ווערטער האָטסו געקליבן,
נאָר ס'האָט מיר דער אָטעם שווער פארכאפּט.
דו האָסט די גרויסע און ריינע ליבע
אפ קלאנגען פאלשע צעדרויבלט, צעקלאפּט.

איך האָב געזאָגט, אז איך וויל זיך שיידן,
אז איך האָב געליבט אן אנדער מיידל.

דער שלאָף איז געקומען און איז אנטלאָפן,
איך האָב דיך געזען, נאָר ניט דערקענט.
שטעל זיך אוועק בא מײַן צוקאָפּנס
און לייג אוועק אפ מײַן שטערן די הענט...

רחל בראַכעס

# א כאַסענע

איטשע־נאָטע דער מעלאַמעד איז דערגליקט געוואָרן: — ער מאַכט כאַסענע זײַן עלטסטע טאָכטער. אַז טעכטער האָט ער אינגאַנצן פינף, און אַלע פינף קענען שוין זײַן קאַלעס, קאָן מען שוין פאַרשטיין, ווי גליקלעך איז די גאַנצע פאַמיליע דערפון; און איטלעכער זאָגט:

מיט גליק, רעבע, אין א גוטער שאָ, א גוטער אָנהויב...

איז דער רעבע, איטשע־נאָטע דער מעלאַמעד, מיט אַן עמעס גליקלעך.

איך קום אַרײַן צו אונדז אין שטוב און טרעף אים אָן, ריידנדיק מיט מײַן מאַמען. איך זע אָבער אַף זײַן פּאָנעם קיין גליק ניט, פאַרקערט, זײַן פּאָנעם, אַלעמאָל א בלייך־געלב צעקנייטשטער, — איז איצט נאָך מער געלב און צעקנייטשט, און די אויגן זײַנע קוקן צעטומלטע און דערשראָקענע.

וואָס איז די מײַסע?

נאָך דעם שמועס וואָס ווערט געפירט מיט מײַן מאַמען דערוויס איך זיך: — אַז געבליבן איז זײַן נאָמען, דער שידעך איז א גוטער, ער איז צופרידן. — אָבער ווי פאַר אײַך גערעדט, — זאָגט ער, — א כאַסענע איז א וועלט אופּבויען, איז פרעג איך אײַך, מיט וואָס בויט מען עס א וועלט? אַז א גאַנצן לעבן געשפּאָרט און פון דאָס לעצטע געקליבן א גראָשן צו א גראָשן אַף נאַדן, איז אָבער הײַנטיקע צײַטן דאַרף מען אפילע מער ווי מען האָט באַדאַרפט אין אונדזער צײַט. אָט נעמט לעמאָשל א פּאָר שיך הײַנטיקע צײַט, קאָסט עס דאָך ניט אין אַניערעך טײַערער ווי עס האָט געקאָסט אַמאָל, ביפּראַט — א שידעך... פאַרזעצט דאָס שטיבל, וואָס רייד איך — פאַרזעצט? איך וועל עס ווען אויסצאָלן? צי וואָס? גלאַט, עס רעדט זיך פאַרזעצט, מען קאָן זאָגן — פאַרקויפט... כאָטש פּראָצענט וועל איך צאָלן... נאָר דאָס געלט איז אַלץ ווייניק, מען דאַרף מאַכן א וועטשערע מיט פיש און פלייש, און בראַנפן. איז אָט וואָס: אָט זעט איר דאָס פּאַפּיר? אַף דעם בויגן זײַנען אופגעשריבן אַלע נעמען פון מײַנע טאַלמידישע טאַטע־מאַמע, און איך בעט, אַז זיי זאָלן מיר אָפּצאָלן וואָס מיר קומט פאַרן גאַנצן זמאַן אַפריער. מיט גאָטס הילף, איך פאַרהאָף, אַז איך וועל ניט פאַרנעמען קיין פרעמדע. דעריבער, זאָלט איר מיר געזונט זײַן, איר דאַרפט מיר איצט אויך אויסהעלפן...

מײַנ מאמע איז א קלוגע פרוי, נאָר זי איז אביסל אנ אויסגערעכנטע, זי זאָגט:

— געווים, רעבע, וועל איך אײַך אינ א נויט באהילפיק זײַנ... כאסענע מאכנ א טאָכטער איז גאַ אונדז א גרויסע זאַכ. אָבער איך האָב שוינ אינ לעבנ אריינ־געזעהנ, אז טוט מענ יענעמ א טויווע, לאָזט זיכ פאר־זיכ אויס א ראָע.

— וואָס רעדט איר דאָס,—הייבט אָנ דער רעבע מיט שרעק.

— וואַרט צו,—זאָגט מײַנ מאמע, א קלוגע פרוי, נאָר אביסל אנ אויסגע־רעכנטע,—אז מענ באצאָלט פריִער א באלמעלאָכע, אײַלט ער ניט מיט דעמ שטיקל ארבעט, וואָס דענ,—ער לײגט דאָס אָפּגעצאָלטע שטיקל ארבעט גאָר אָפּ אָנ דער זײַט: ער וועט בעסער מאכנ אזא ארבעט, וואָס פאר איר דארפ ער ערשט קריגנ באצאָלט. האָב איך מוירע, אז מײַנע צוויי ייִנגלעכ װעלנ דעריבער טאקע בא אײַך פונ באנק אָפּגערוקט ווערנ.

דער רעבע נעמט פאנאנדער די הענט אונ זאָגט:

— אפ נעמאָנעס, איך הויב אײַך ניט אָנ צו פארשטײנ, איך בינ דאָכ עפּעס ניט קײנ מאשעניק.

— יאָ,—זאָגט מײַנ מאמע,—נאָר אזוי ווי איר באדארפט נײטיק איצט דאָס געלט, אונ אזוי ווי די אנדערע האָבנ אײַך באצאָלט אפריִער, בינ איך אויכ ניט ערגער ווי די אנדערע, איך וועל אײַך דאָס געלט זענ קריגנ.

דער רעבע ווערט פרײלעכער. הויבט אָנ ווינטשעווענ דער מאמענ; די מאמע ווינטשעוועט אימ. דערנאָכ בעט דער רעבע די מאמענ, זי זאָל קומענ אפ דער כאסענע. די מאמע זאָגט זיכ אָפּ, ווײַל—א שטוב אונ קלײנע קינדער. דעמאָלט ערשט דע־זעט דער רעבע מיכ, אונ ער זאָגט:

— טאָ זאָל כאָטש דאָס מײדעלע אײַערס פאָרנ אפּ דער כאסענע, עס איז דאָכ ניט ווײַט דאָס שטעטל, אינגאנצנ א וויאָרסט אכצנ פונ דאנענ.

— אָ,—זאָג איכ:—איך וועל געווים קומענ.

— זע־זשע,—זאָגט דער רעבע,—זאָלסט זיכ ניט לאָזנ בעטנ. דו וועסט באקומענ א בילעט אפ דער כאסענע, וועסטו צוגײנ צו מײַנ שוועסטער איטקענ, אונ פונ דאָרט וועסטו מיט די פורנ פאָרנ אפ דער כאסענע.

אונ ער זעגנט זיכ אונ ווינטשעוועט נאָכאמאָל, אונ מײַנ מאמע ווינטשעוועט אימ אויכ נאָכאמאָל, אונ ער גײט אוועק.

---

איך בינ אלט פערצנ יאָר, אנ עלטער, וואָס איז ניט גרויס אונ ניט קלײנ, ניט יונג אונ ניט אלט: ווי א קינד צערטלט מענ מיכ שוינ ניט, אונ ווי אפ א דערוואַקסענע קוקט מענ זיכ אפ מיר ניט אומ. ווילֿ איך עפּעס וואָס, איז מאלע וואָס איך ווילֿ; ווילֿ איך אפּ דער כאסענע פאָרנ, מאכט זיכ מײַנ מאמע דערפונ גאָר ניט הערנדיק, אונ אז איך רײד אונ רײד, אונ לאָז זי ניט לעבנ, שרײַט זי אפ מיר אונ זאָגט:

— וואָס וועסטו דאָרטנ טאָנ? אז דו קענסט דאָרט קײנעמ ניט, ניט די קאלע קענסטו, ניט דעמ כאָסנ אונ ניט קײנעמ ניט...

און אז איך באקום שוין דעם כאסענע־בילעט, ווי מען בעט מײַן מאמען ביז איר גאנצער הויזגעזינד אף דער כאסענע, שטיי איך נאָך מער צו צו דער מאמען, זי זאָגט:

—פאָר צו אלדי שווארץ יאָר, דו ביכט מיר שוין מיט דער כאסענע אין די ביינער... פאָר, און אן עק זאָל זײַן!

איך בין גליקלעך, איך שפרינג און זינג, און איך קלײַב זיך אין וועג. מײַן קלײַבעניש איז ניט גרויס: מײַן מאמע האָט געקויפט פאַר דראָשע־געשאנק א גרויסן מעשענעם בעקן—אײַ, מיר איז דאָס ניט געפעלן געווען, אָבער די מאמע האָט געקויפט...—אין בעקן האָב איך ארײַנגעלייגט מײַן בעסער קליידל, מיט א נײַע פאָר זאָקן, מיט א ריין נאָז־טיכעלע, מיט א קליין קעמעלע, די האָר צו צעקאמען,—און מײַן פאקעניש איז פארטיק. איך לויף מיטן בעקן צו איטקע דער קוכן־בעקערקע, דעם רעבנס שוועסטער, פון אונדז די צווייטע גאס.

נו, איז בא איטקע דער קוכן־בעקערקע א בומלעניש! פונקט ווי פאר א כאסענע—אין די קאמערן מענטשן—מעכוטאָנים, קרויווים וואָס פאָרן אף דער כאסענע, ווײַבלעך, מיידלעך, און ייִדן עלטערע און יינגערע און מען האוועט, און מען ליארעמט, פארשוויצטע, פארנומענע... וואָס איז?

מען פאקט די מענטשן און די זאכן אין איין פור. אז מען דערזעט מיך מיט מײַן פעקל—קיינער קען מיך ניט,—פרעגט מען:

— וואָס ווילסטו?

— פאָרן אף דער כאסענע.

— אף וועלכער כאסענע? (אזוי ווי כאסענעס זײַנען עטלעכע).

— צום רעבן.

— צום וועלכן רעבן?

— צו רעב איטשע־נאָטע דעם מעלאמעד, אף זײַן טאָכטערס כאסענע.

— און פון וועמעס צאד ביסטו? צי פון כאָסנס, צי פון דער קאלעס?

— פון רעבעס,—זאָג איך:—מײַנע בוידערלעך לערנען בא אים.

— נא דיר א מאָשל!..

— ווארט צו,—זאָגט א ייִד:—עס וועט נאָך זײַן פורן, וועסטו פאָרן.

הייסט עס, מען נעמט מיך ניט מיט... מען לאָזט מיך איבער... מיר ווערט אזש היים פון באליידיקונג.—ווי וועל איך איצט אומקערן זיך אהיים מיט דעם פעקל און מיט דעם בעקן? וואָס וועט די מאמע זאָגן, און וואָס וועלן אלע זאָגן?

נאָר א ייִד, דער וואָס מיט דער געל־רויטער באָרד, דערזעט מיטאמאָל מײַן פעקל.

— וואָס איז דאָס בא דיר?—פרעגט ער—אזוי ווי ער זעט נים (די מעשענע ברעגן פון בעקן זעען זיך גוט ארויס פון דעם טישטעכ).

— א מעשענער בעקן,—זאָג איך,—אף דראָשע־געשאנק.

— אזוי?—און צו אלעמען זאָגט ער, דער ייִד מיט דער געל־רויטער באָרד:

— טיפשים וואָס איר זײַט, פארוואָס נעמט איר דאָס מיידעלע ניט אף דער כאסענע?.. איר הערט, מיט דער ערשטער פור דארף זי פאָרן! מיר,—זאָגט ער,—וועט ניט ארן, אז עמעצער אן אנדערער וועט בלײַבן...

איך פֿאַרשטײ גוט, וואָס איז געשען... מײַן מאַמע איז טאַקע אַ קלוגע,— טראַכט איך,— וואָלט זי מיר געקויפֿט לעפֿעלעך אָדער מעסערלעך, וואָלט קײנער בא מיר דאָס ניט אַרויסגעזען, און איך וואָלט ניט געפֿאָרן. אײַ איז מײַן מאַמע קלוג!..

און דער וואָגן רירט זיך, און איך פֿאָר... אַזאַ פֿאָרן קאָן מען קײנעם ניט ווינטשן, ווײַל דאָס איז גאָר עפּשער קײן פֿאָרן ניט, דאָס איז אַן אָפּקומעניש.— אַן אָנגעפּאַקטער וואָגן ביז דער הויך פֿון פּעקלעך און מענטשן, אײנער זיצט אױפֿן אַנדערן; אײנעמס אַ פֿוס אױף דעם אַנדערנס רוקן, אײנעמס אַ האַנט אױף דעם אַנדערנס בויך. מען שרײַט, מען קוויטשעט... אָבער איך מיט מײַן בעקן האָבן דעם בעסטן אָרט, ווײַל איך זיץ אױף דער בעקן אױף מײַן שויס, און איך־לעכער באַמיט זיך אױף דעם בעקן ניט אָנלײגן זיך, אים ניט צעבויגן און ניט קאַליע מאַכן...

די פֿור איז קרים־קרום וואָס זי רירט זיך. איך וויל איבערצײלן אײַן ווײפֿלטן פֿאָרן מיר,— קאָן איך אַלץ ניט, ווײַל אַז איך בין שױן מיט דעם כעזשבן פֿאַרטיק, רוקט זיך פֿון ערגעץ אַרויס נאָך אַ קאָפּ, נאָך אַן אַקסל, עס דערהערט זיך נאָך עמעצנס אַ קאָל וואָס בעט ראַכמים, מען זאָל אים ניט דערשטיקן... איז וואָס לאַכט מען? מען לאַכט!.. דאָס איז שײן:— אַז מען פֿאָרט אױף אַ כאַסענע לאַכט מען, מען איז פֿרײלעך נאָך אײדער מען הערט שפּילן די קלעזמער. און זאָל אײַך דוכטן, אַז די קלעזמער שפּילן שױן:— ווײַל די רעדער זײַנען ניט געשמירט און סקריפּען זײער, און ווײַל אַ צוגעבונדענער בלעכענער עמער (אױף וואָס איז דער עמער?) קלאַפּט אָן וואָגן; ווײַל אַ ייִדענע האָט גרויס בויכווייטיק, קרעכצט זי; ווײַל אַ ייִנגעלע האָט מען דאָ אַ פּיסקעלע צוגעדריקט, און נאָך, און נאָך זאַכן, פֿון וואָס עס באַקומט זיך אַ מין מוזיק געשפּילערײַ...

... מיר פֿאָרן שױן אַ שטיק מיט זון־אונטערגאַנג... אַנטקעגן אונדז, ווהין אונדזער פֿור ציט זיך, איז דער הימל פֿײַערדיק רויט. דער רויט־פֿײַערדיקער קאָליער שפּאַרט זיך פֿון צווישן די סאָסנע־בוימער־קעפּ פֿון וואַלד, וועלכן מיר פֿאָרן פֿאַרבײַ. פֿון ערגעץ אַ ווינטל ברענגט אײַלנדיק דעם אָוונט, און אַלץ וואָס וואַקסט באַם וועג: דער שײנער פֿאַרטיקער קאָרן, די וויקע, דער האָבער ווי שלעפֿערט זיך אײַן אױף נאַכט... שטיל... פּיס, פּיפּ הערט זיך נאָר פֿון אַ בוים אַריבער ווי אַ שטיל קינדערש קאָל, אײדער עס גײט שלאָפֿן און די מאַמע וויגט עס אײַן; און נאָך אַ פֿײגלש קאָל, אָבער אַ בײזלעכער און אַן אומעטיקער האָט זיך לאַנג, לאַנג אױפֿן וועג אַרויסגעהערט... און אַ ביין איז אונדז מיט זומערײַ אַנטקעגן אָנגעפֿלויגן, אָבער דער שמיץ פֿון דעם פֿורמאַנס בײַטש האָט זי אָפּגע־ טריבן... אַלץ איז אַזוי שײן... אָבער קײנער באַמערקט עס, דאַכט זיך, ניט. די צוויי מײדלעך וואָס זיצן צוגוויפּגעטשיקט אײנע נעבן דער אַנדערער, רײדן וועגן אַ סטענגע, און וועגן דאָס נײַ קלײדל, וואָס איז פֿון פֿאָרנס געמאַכט מיט פֿעלבעלעך און ביז די אַרבל מיט קרײַזעלעך; אײן ייִדענע דערצײלט דער אַנדערער פֿון איר שכײנע, וואָס מען קאָן זי קײנמאָל ניט צופֿרידן שטעלן באַם אויוון:— שטעלט מען איר טעפּל נעענטער צו די קוילן, ווערט עס אויסגעזאָדן, רוקט מען עס אָפּ פֿון פֿײַער, זידט עס ניט אויף.. אַ ייִדך דערצײלט, אַז אױף אוקראַינע איז אַלץ

רויט. ציבעלעס, האָט איר שוין געזען? וואַקסט דאָרט רויטע... רויטע און זיסע; קרויט וואַקסט דאָרט רויטע, ווי איר זעט מיך א ייִדן — זאָגט ער — רויטע! פּעפּער איז רויטער, מען זאָגט, אז דער פּעפּער פון דאָרט איז ניט ביטער, איז זיס... כע, כע, כע, האָט איר שוין אזוינס געהערט?

דער וואָגן איז אזוי אָנגעפּאַקט, אז ער קאָן זיך ניט קוליען, ער טרייסלט זיך. איי, טרייסלט!.. נאָר עס נעמט א סאָפּ אויך צום פאָרן... אָפּגעפאָרן שוין די מאָסנע־ווערדער, אריבערגעפאָרן דאָס בערגל מיטן ציילעם, אריינגעפאָרן אין שטעטל אריין...

— שא, מיר זיינען שוין באלד, באלד אפּן אָרט, — ניט איבער איינער דעם אנדערן... און דאָס פערדל איילט זיך אויך, גיט א הויב דעם קאָפּ, גיט א הויב די פאָדערשטע פיס, א ציִ, א שלעפּ דעם אָנגעפּאַקטן וואָגן, און שטעלט זיך אָפּ.

מיר זיינען געקומען...

עס איז שוין טונקעלער אָוונט. פון דער שטוב, בא וועלכער אונדזער פור איז געבליבן שטיין, לויפן ארויס מיידלעך — צוגעקאַמטע מיט שלייפעלעך, אין צוגעקלי־בענע קליידלעך, און מען העלפט ארויסקריכן פון וואָגן די געקומענע, און מען קושט זיך און מען האלדזט זיך, און מען גיט אָפּ מאזל־טאָוו, און מען ווינטשעוועט.

— אָ, דער פעטער פייסאך, און די מומע צייטל! א, דער פעטער קיווע, די מומע ציווע! א, און ביילקע איז דאָ! און ביילקע! צווי טייערע געסט!

מען קריכט פון וואָגן ארויס, מען קוישעט און מען רעדט.

— איי, איי, אזוי שפּעט, אזוי שפּעט, וואָס האָט איר זיך אזוי לאנג אָפּגע־האלטן!..

אָבער איך בלייב זיצן אין וואָגן, ווייל קיינער העלפט מיר ניט ארויסקריכן, ווייל קיינער קען מיך דאָ ניט... איך קלער: מיין מאמע איז פאָרט א קלוגע — זי האָט געזאָגט, אז איך וועל זיין דאָ ווי א פינפטע ראָד צום וואָגן, קיינער קען מיך ניט, און קיינער דארף מיך ניט... עס וועט אויסקומען, אז איך וועל נאָר זיין ווי א נאר אף א כאסענע...

איך זיץ אזוי לאנג ביז אלע גייען שוין אריין אין אינווייניק, און דער פורמאן זאָגט:

— ששהאָ סידיש, ווילעזיי!

און אז איך קריך שוין אליין ארויס פון וואָגן, פרעגט מיך א מיידל (דאָס איז דעם רעבנס א טאָכטער), ווער בין איך און צו וועמען דארף איך? איך זאָג:

איך בין אויך צוזאמען מיט די אנדערע געקומען אף דער כאסענע צום רעבנ איטשע־נאָטע.

דאָס מיידל גייט אפּערגיך אריין אין שטוב, און באלד טאַקע קומט ארויס דער רעבע, איטשע־נאָטע דער מעלאמעד.

דער רעבע קוקט זיך אין מיר איין, דערפאַר, ווייל עס איז טונקל אין דרויסן און דערפאַר, ווייל ער איז קורצזיכטיק, אָבער דערנאָך דערקענט ער מיך.

— א, א, — זאָגט ער, — דו ביסט דאָס, זע נאָר.. איז וואָס איז די מאמע ניט

געקומענ?.. אָבער דו ביסט בא מיר,—זאָגט ער,—א טײַערער גאסט, גאָר א: אָנגעלײגטער גאסט.

אונ גאָר מיט גרויס קאָװעד האָט ער מיך אינ שטוב ארײַנגעפירט אונ אלעמענ אָנגעזאָגט:

— דאָס איז מײַנ גאסט, א טײַערער גאסט. איר זאָלט אלע פײַנ אופנעמענ מײַנ גאסט.

די אײגענע טעכטער דעם רעבנס, װי איך האָב זיך דערנאָך דערװוּסט—מינדל אונ צירל, האָבנ זיך מיט מיר באקענט, אונ אפילע די אלע פארשוינענ, מיט װעלכע איך בינ אינ װאָגנ פארפאקט געװענ אונ פונ װעלכע איך האָב גאָרנישט געװוּסט,—האָבנ מיר אויך די האנט געגעבנ, אונ איך האָב זיך דערװוּסט, װער זײ זײַנענ אונ װאָס געהערנ זײ זיך אָנ מיט כאָסנ-קאַלע. דער טיש איז שוינ געװענ געגרײט, אונ טײ איז שוינ געװענ אָנגעגאָסנ אינ די גלעזער, אונ צובײַסנ, װײַל פונ װעג קאָנ מענ דאָך אזוי ניט נעמענ אונ גלײַך אפ דער כאסענע..

— בײַסט צו, בײַסט צו, אונ אײַלט זיך, װײַל מענ װארט אפ אײַך!.. דאָס װארט מענ, הײסט עס, דאָרט װו די כאסענע איז, אונ װו די קאַלע מיט די איבעריקע מעכוטאָנים, מיט די גאנצע כאסענע-לײַט געפינענ זיך אײַנ,—טאקע ניט װײַט אָט דאָ, דאָס אנדערע געכל פונ דאנענ אינ דעם פעטער דוװעס גרויסער שטוב.

האָבנ מיר עפעס גענומענ אינ מויל ארײַנ אונ גענומענ זיך אײַלנדיק אָנקלײדנ צו דער כאסענע... א כומל, א ליארעם, א פישטשערײַ פונ די װײַבלעך אונ מײדלעך... מענ װאשט זיך װער מיט קאלט װאסער, װער מיט װארים. װער שװענקט זיך אינ א מולטער, אונ װער שטעלט אונטער די הענט אונ מענ גיסט אים אופ פונ א קענדל. מענ װאשט, מענ שײַערט זיך, מענ קאמט זיך אונ מענ צװאָגט זיך... פונ ענגשאפט אינ װאָגנ זײַנענ בא װעמענ די קלײדער צעקנײטשט געװאָרנ,—אָ, אָ, אפ דער כאסענע אונ אינ צעקנײטשטע קלײדער!..

אונ צום סאָפ זײַנענ מיר שוינ אלע פארטיק (דער רעבע מיט די מאנצבילזײַנענ שוינ לאנג פארטיק געװאָרנ אונ זײַנענ שוינ אװעק). אונ די פרויענ מיט צירלענ אונ מינדלענ זײַנענ שוינ אויך פארטיק. מענ צעלעשט אומעטום די קוילנ, מענ פארדרײט די לאָמפנ, מענ שליסט צו די טירנ אונ מענ אײַלט אפ דער כאסענע.

דרויסנ איז א שײנער לעװאָנע-אָװנט, אלע הײַזער אינ גאס זײַנענ הײַנט צוליב דער כאסענע װי מעכוטאָנים.

— דאָ,—זאָגט אונדז אָנ גײענדיק צירל אונ באװײַזט אפ די פענצטער פונ די הײַזער,—װוינט די מומע טסישע, דאָ דער פעטער ארע, דאָ װוינט א יונג װײַבל, װאָס איז אינ גאנצ געקומענ צו אירע קרויװים אינ װאָס װעט אויך זײַנ אפ דער כאסענע. אלצ דארפנ מיר װיסנ, אלצ איז זײער װיכטיק פאר אונדז... פונ די הײַזער קומענ ארויס נאָך מענטשנ װאָס אײַלנ אויך אפ דער כאסענע. מענ גײט מיט אונדז, בא אונדז װערט א גרויסער אוילעם. מענ רעדט אונ מענ דערצײלט, גײנ אונ רײדנ, פארשטײט זיך, איז א קאָװעד מיט די געקומענע פונ שטאָט. אזוי װי איך קענ קײנעמ ניט, אונ אזוי װי מײַנ קלײדל איז ניט איבעריק נײַ, אונ אלײנ בינ איך אויך אָנ צעפ אונ אָנ סטענגעס,—קוקט מענ זיך װײניק אפ מיר אום. מענ באמיט

זיך גיין אין טראָט מיט ביילקעס און קיילקעס, ווײַל זייערע קליידער זײַנען מיט פּעלבעלעך און קרײַזעלעך, און אין זייערע האָר זײַנען אָנגעבונדן סטענגעס... גיין מיט זיי און ריידן מיט זיי איז א קאַווע.

אָבער איך פאַרלאָז זיך אָפּ צוויי זאַכן, וואָס וועלן מיר אויסהעלפן:—דאָס איז דער רעבע, וואָס איז דאָ מײַן איינציקער באַקאַנטער און גוטער פרײַנט, אַזוי צו זאָגן, וואָס ער קען מיך פונדערהיים. און די צווייטע זאַך,—און דאָס איז עפּשער די הויפּט־זאַך ווי איך האָב שוין אַרויסגעזען—איז דער מעשענער בעקן, וואָס אָפּ דעם וועטשערע־טיש צום דראָשע־געשאַנק וועט ער זיך באַווײַזן מיט זײַן גאַנצער גרויס, און בלאַנקעדיקער וויכטיקײַט... און דערצו בין איך אַליין אויך אַביסל אַן אַנדערע, איך וואָלט גאָר מיט זיי ניט געהאַט וואָס צו ריידן.—מען וואָלט מיר געפרעגט: ווי איז איצט די מאָדע פון א קלייד נייען, וואָלט איך ניט געוווסט וואָס צו זאָגן, ווײַל איך בין א מיידל שוין ניט קיין קליינע, אָבער אינגאַנצן נאָך ניט קיין גרויסע, און אָפּ מאָדעס פאַרשטיי איך זיך נאָך ווייניק... און צווייטנס, האָב איך א טעות:—אָפּ אַלץ קוקן און אַלץ באַטראַכטן, און איבערהויפּט אָפּ אַזעלכע זאַכן, וואָס איך זע דאָס ניט אַלע טאָג. לעמאָשל, איצטער גייענדיק איבערן שטעטל בין איך געווען זייער פאַרוווּנדערט מיט אַלץ וואָס איך האָב דאָ געזען. בא אונדז אין שטאָט, וווּ מיר וווינען, אָפּ אונדזער גאַס זײַנען קיין בוימער און קיין גראָז ניטאָ... בא אונדז וווינען שכנים אָפּ שכנים. בא אונדז אין גאַס איז אויך א שטויב, אָבער אונדזער שטויב איז ניט אָפּגעפּריַשט ניט פון גרינע גערטנער, ניט פון בוימער און ניט פון דאָס פרישע וואַסער וואָס שווימט אונטערן בריקל, איבער וועלכן מיר גייען איבער... עס פאַרנעמט מיך אויך דער גרויסער עפּל־גאָרטן. עפּל גרויסע, רויטע, ווי מיט ווײַן אָנגעגאָסענע, הענגען איבערן פּאַרקאַן אַריבער... כאָטש פאַרגעס זיך, אַז דו ביסט א כאַסענע־גאַסט און הענג זיך אָן און רײַס זיך וועלכע עס איז אַראָפּ און דערקוויק זיך דערמיט...

מיך פאַרנעמט אויך א קינדעריש קאָל פון א פענצטער אַרויס, וואָס וויינט אַזוי פאַרביטערט און טײַנעט:

— וויל אויך כאַסענע, וויל אויך האָבן כאַסענע...

און פון א הויף אַרויס האָט זיך אַזוי דײַטלעך אַרויסגעהערט, ווי א באַלעבאָסטע זידלט זיך מיט איר קו און רופט די קו מיט מיִעסע נעמען—פּרעסן פרעסט עס, און מילך גיט עס ניט...

נאָר אָט זײַנען מיר שוין דאָ ווו מיר דאַרפן זײַן... א שטיק אַפּריִער לויפט אונדז אַנטקעגן א גרויסער טומל פון א הויז אַרויס... דאָס איז דעם פעטער רוּועס הויז, און דאָ איז טאַקע די כאַסענע...

עס הערט זיך שוין אַרויס דאָס קלעזמער־געשפּילערײַ און דער טומל פון פיל מענטשן. מענטשן און מענטשן זײַנען אָנגעפּאַקט אין הויז, און אַרום הויז, און אַרום די אָפענע פענצטער און טירן, אַזויפיל ווי דער זאַמד אָפּ דעם וועג... מענטשן, וואָס זײַנען גערופענע אָפּ דער כאַסענע, און מענטשן, וואָס זײַנען געקומען נאָר צו זען די כאַסענע, און פויערשע מיידן און באָכערים פון די פויערשע געסלעך. איטלעכער קען דאָ די קאַלע רייכלען, און איטלעכער וויל זען, ווי זי איז דערגליקט געוואָרן און האָט כאַסענע.

אַרײַנגעשטופּט זיך אין אינווייניק, אין דער גרויסער ניט מענטשלעכער היץ און ענגשאַפט, צוגעגאַנגען ווי עס איז צו דער קאַלע, וואָס איז געזעסן אויף איר קאַלע־אָרט, אויף איר קאַלע־שטול אויבנאָן, אין אַ ווײַסער קלייד און קאַלע־שלייער... אַ גליקלעכע קאַלע—איר פּנים האָט געשטראַלט פון צווישן דעם ווײַסן טול, און איטלעכער פון די אָנגעקומענע פרויען האָט זיך מיט איר געקושט און איר אָפּגעגעבן מאַזלטאָוו.

דער קאַלעס מאַמע—די הויפּט־מעכוטענעסטע,—אַ קליינע פרוי, אַ צעשראָקענע און פאַרהאָרעוועטע,—האָט זיך מיט מיר געקושט, זי האָט אָבער ניט געוווּסט, ווער איך בין... זי האָט די גאַנצע צײַט געזאָרגט בײַ אירע מיידלעך:—יענטל, צירל, ווו האָט איר די ליכט אַוועקגעלייגט? מינדל, דאָס שליסעלע ווו איז? אַלץ געפרעגט און אַלץ געזוכט און אומרויק געווען...

דער כאָסן מיט די מאַנצביל, די מעכוטאָנים זײַנען געווען אין דער אַנדער העלפט שטוב, דאָרט ווו די פענצטער זײַנען אין הויף אַרויסגעקומען. פון דאָרט איז אויך געגאַנגען אַ היץ און אַ טומל, אָבער אײַנגעהאַלטענער, אָבער מיט מער שטאַט ווי דאָ בײַ די פרויען און בײַ דער קאַלע.

קלעזמער נעמען זיך צו די מוזיק־כיילים... דער אָנפירער בײַ די קלעזמער איז דאָ זיסל באַס. ער איז טאַקע דאָ אַ היגער, אָבער די אַנדערע קלעזמער זײַנען דאָ אָנגעפאָרענע: זיסל באַס האָט זיי אויפגעקליבן, און זיסל באַס פירט דאָ דאָס רעדל.

— ווײַבער, טאַנצט!..—זאָגט ער.

די מיידלעך קלײַבן אויף צו פינף קאָפּיקעס בײַ איטלעכער.—פערציק קאָפּיקעס—אַ קאַדריל הייסט עס פאַר אַכט טאַנצנדיקע...

— זעט אָקאָרשט,—זאָגט זיסל באַס וואָס ציילט דאָס געלט:—איר זאָלט מיר אַ דרײַער אָנשטאָט אַ צענער (אַ פינפקאָפּיקע) ניט אַרײַנרוקן! איר טוט עס אָפּט, מיידלעך, מיט מיר!

— ציילט רעכט,—זאָגט דאָס מיידל, וואָס האָט דאָס געלט אים געגעבן.

— ציילט גוט!—אָבער בײַ מיר איז אויגן שוואַכע, איך זע שלעכט...

— דער, וואָס ציילט געלט, דאַרף האָבן גוטע אויגן,—קלינגט זיך דאָס מיידל...

די קלעזמער לאַכן. אַלע לאַכן. ווײַל וואָס איינער זאָגט, הערן דאָ אַלע, ווײַל אַלע שטיקן זיך איינער אויפן אַנדערן. איינער שטייט אויפן אַנדערס קלייד, איינער שלעפּט מיט זיך דעם אַנדערנס אַרבל און מען שרײַט:

— מײַן פוס! אײַ מײַן פוס! לאָזט מײַן פוס, לאָזט מײַן האַנט! אײַ, מײַן האַנט, אײַ מען האָט מיר מײַן קלייד אָפּגעריסן!..

מען טאַנצט אין אַלע פיר זײַטן. ווו זײַטן!.. מיט גרויסע צאָרעס ווי עס איז אָפּגעשטופּט דעם אוילעם, אָבער מענטשן זײַנען ווי וואַסער אין אַ טײַך... שטופּ וואַסער אַהער, שטופּ וואַסער אַהין—עס העלפט ניט, עס גייט צוריק. אָפּגעשטופּט אין זײַט, גענומען אָפּשטופּן די אַנדער זײַט,—איז ווידער די ערשטע זײַט פול געוואָרן,—און ניטאָ קיין פיצל אָרט צום טאַנצן.

— וואָס ראַכמאָנעס, שטופּט זיך אויף אַ ביסל!—בעט זיך ליפּשע די טענצערקע:—

מען קאָן זיך גאָך ניט א קער טאָן... עפשער וועט עמעצער פון אײַך א ווײַלינקע גאָר ארויסגיין, עפשער אָן, אין ווינקל אָפּרוקן זיך...

נאָר ווער איז דאָס אזא גוטער מענטש, ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון אזא פארגעניגן: זען ווי מען טאנצט, און רוקן זיך אין ווינקל?.. אנדערע באַליידיקן זיך גאָר.

— וואָס טרײַבט זי דאָ? וואָס? ווער איז זי דאָ, די ליפשע? אזא מעכוטענעסטע ווי אלע! א טענצערקע איז זי, האָסט געהערט? אלע קענען טאנצן!

מען הערט איר ניט. מען שטופּט זיך צוריק.

די קלעזמער ווערן אין קאָס.

— לאָזט טאנצן!—שרײַען זיי,—וואָס פארשטערט איר די כאסענע! גאָר טאנצן לאָזן זיי ניט... ס׳געהערט? קלעזמער דארפן אויך לעבן, קלעזמער זײַנען זיך אופגעפאָרן אהער עפּעס פארדינען, איז נא דיר גאָר—מען לאָזט ניט טאנצן.

און די קליינע מעכוטענעסטע—דער קאלעס מאמע, בעט זיך אויך:

— זעט, קריינעלעך, א ביסעלע אָפּשטופּן זיך... א ביסעלע גאָר...

און עמעס טאקע, מער ווי א ביסעלע קאָן מען זיך ניט אָפּשטופּן... אָבער צום סאָף צעשטעלט מען זיך ווי עס איז, איטלעכעס פאָר אפּ זײַן זײַט. טאנצן—טאנצן גאָר פרויען און מיידלעך, אָט די טאקע וואָס האָבן דאָס טאנץ־געלט אופגעקליבן. די בעסערע, געניטערע טענצערקע איז דער הער; די דאמע איז די שוואכערע טענצערקע. נו, איז וואָס? מען טאנצט. די קלעזמער גיבן מיט די סמיטשקעס א פיר, א שפּיל,—מען הויבט זיך אָן דרייען. א קאדריל איז א געלאסענער טאנץ—אויסגערעכנטע פיגורן, אויסגערעכנטע באוועגונגען—א נויג, א בויג, ווי עס פירט זיך. איין הער פירט אונטער האנט זײַן דאמע צו דעם אנטקעגנדיקן הער, און גיט זי אים איבער; דער, וואָס האָט צוויי דאמען, פירט זיי אונטער די הענט אום—אהער, אהין... מאכט מיט זיי פיגורן. ליפשע איז די אָנפירערקע פון די טענצער. זי איז מער צעהיצט און צעהאוועט, ווי די אנדערע. א וואָך דרײַ, פיר פאר דער כאסענע האָט זי מיט די טענצער אײַנגעשטודירט די טענץ. און איצטער טאנצט זי מיט די אויסגעשטודירטע.

איך טאנץ ניט. איך בין פון די, וואָס מען שטופּט אָפּ... איך בין פון דאָס וואסער אין טײַך וואָס קאָן ניט שטיין אפּ איין אָרט,—אָט שטיי איך דאָ, אָט שטיי איך דאָרטן... דער טאנץ פארענדיקט זיך מיט די קאָלע. מען נעמט זיך אלע פאר די הענט. אין קאָלע שליסן זיך אײַן נאָך מענטשן, ווער עס וויל, ווער עס קאָן נאָר הויבן פיס, אפילע מאנצביל, און מען דרייט זיך. איך דריי זיך שוין אויך... און צי זיך אויך נאָכן לאנגן קײַלעכדיקן שנור, וואָס דרייט זיך אזוי קונציק אויס אוש אין פאָרהויז ארויס, אוש אין דרויסן ארײַן.

אָפּגעטאנצט... טאנצן צוויי אלטע באָבישעס א ברויגעז־טאנץ.

— לאָזט, לאָזט, שטופּט זיך אָפּ, רוקט זיך אָפּ, לאָזט אן אָרט!—ריידן אלע, בעטן זיך אלע. אָבער אלע שטופּן זיך, אלע ווילן זען, ווי די צוויי באָבישעס טאנצן, דעם אמאָליקן ברויגעז־טאנץ.

אָט דאָס איז א טאנץ!

אלע האָבן שוין געזען דעם שיינעם טאנץ, דעם ברויגעז־טאנץ, און אלע האָבן גרויס פארגעניגן, אז מען זעט אים נאָכאמאָל. די צוויי באָבישעס אין די ציפּיקעס

מיט די סטענגעס אונ בלומענ אפ זייערע הויבנ... אינ טונקעלע פארטוכער אפ זייערע קליידלעכ.—אָ, זיי בײַטנ ניט זייערע מאָדעס.—די פיס—אינ גרינגע פאנטאָפעלעכ, אינ ווײַסע זעקעלעכ, מאכנ גרינגינקע טריטעלעכ. אָבער קוקט אפ זייער פּאָנעמ!.. זיי זײַנענ ברויגעז איינער מיט דער אנדערער, די ליפּנ איז בא זיי הארט צונויפגעדריקט, די אויגנ אראָפּגעלאָזנ אונ דאָס גאנצע מאט־געלב אלט פּאָנעמ איז פארגליווערט פונ סינע אונ ברויגעז... זיי ווילנ זיכ איינער מיט דער אנדערער ניט באגעגענענ: אז איינע רוקט זיכ צו, רוקט זיכ די אנדערע אָפּ מיט אויסגערעכנטע טאנצנדיקע טריטעלעכ...· אינ די הענט האלטנ זיי ווײַסע נאָזטיכלעכ, מיט דעמ טיכעלע פּאָכנ זיי אומ. דאָס טיכעלע רעדט ווי מיט ווערטער פונ זייער סינע איינער צו דער אנדערער. דאָס טיכעלע גיט א פּאָכע אהער—ווערט עס עפּעס הערמיט געמיינט; א פּאָכע אהינ—ווערט ווידער וואָס געמיינט. דאָס טיכעלע פּאָכט,—הייסט עס,—די אנדערע אנטלויפט; די אנטלויפנדיקע שטעלט זיכ אָפּ, קערט זיכ אומ, גיט א פּאָכע מיט איר טיכעלע—אנטלויפט די פריַערדיקע נאָכלויפנדיקע... אונ אָט שארנ זיי זיכ קוימ־קוימ, אָט־אָט באגעגענענ זיי זיכ, אָט־אָט רירנ זיי זיכ אָנ... צווישנ זיי, דאכט זיכ, צאמט נאָר א ווינטעלע זיי אָפּ, א קליינ שפּעלטעלע...—אָט נעמענ זיי זיכ,—נאָר ניינ... זיי גייענ אײַלנדיק אונ ברויגעזדיק, פול מיט סינע אוועק איינע פונ דער אנדערער...

אלע פּאטשנ, אלעמענ געפעלט זייער דער ברויגעז־טאנצ.—אָט די באָבישעס, די באָבישעס!...—ווערט גערעדט באוווּנדערט,—אײַ, די באָבישעס!..

— נאָר געגוג דערווײַל!—זאָגט מענ:—שפּעטער, נאָכ דער כופּע, נאָכ דער וועטשערע וועט מענ ווידער טאנצנ. איצטער איז שוינ צײַט די קאלע באזעצנ!..

דאָס הייסט, די קאלע זיצט דאָכ סײַווי, נאָר ביז איצט זיצט זי פאר באזעצנס... איצטער דארפ מענ זי „באזעצנ”.

— שא, שא, לאָזט צוגיינ... שא, א ביסעלע אָנ דער זײַט... לאָזט די קאלע באזעצנ!..

זיצט זיכ די קאלע אפ איר קאלע־שטול, באהאנגענ מיט איר קאלע־שלייער; אונ ווײַבער צעשטעלנ זיכ ארומ איר אונ האלטנ די ווײַסע נאָזטיכלעכ גרייט פאר די אויגנ. אנטקעגנ דער קאלע שטעלט זיכ אוועק דער באדכנ, א הינקענדיקער ייִד אנגעשפּארט אפ א שטעקנ, מיט א לאנגער נאָז. ער הוטט זיכ גוט אויס אונ הויבט אָנ מיט א זינגענדיקנ ניגנ:

— קאלע, קאלע קרוינ, בארעכנ זיכ אליינ, אינ וואָס פאר א וועג דו טוסט איצט אוועקגיינ!.. ביז אהער האָסטו בא דײַנ כאסנ־מאמע געלעבט ווי א קינד, אונ איצטער וועסטו ווערנ ווי אינ וועג דער ווינט!..

דער קאָל באמ באדכנ איז א שרײַענדיקער, דער ניגנ א וויינענדיקער. די ווײַבער וויינענ אינ די טיכלעכ, אונ די קאלע וויינט אויכ.

אונ דער בארכנ שרײַט וויינענדיק:

— איצט טוסטו פונ דײַנ נעסט ארויסשוועבנ,—בעט זשע דעמ פאָטער אינ הימל ער זאָל דיר א גוטע מאראָכע בא דײַנ מאנ געבנ!..

מענ וויינט, מענ כליפעט אינ די טיכלעכ. די קאלע פארגייט זיכ אויכ אינ טיכעלע...

דער באַדכנ שרײַט װײנענדיק:

— קאַלע־לעבנ, זײַ װיסנ—דו שטײסט איצט פאַר אַנ ערנסטער מינוט! דו דאַרפסט דאָס ניט פאַרגעסנ אונ געדענקענ גוט!—אַז דײַנ לעבנ הױבט זיך איצט אָנ פונדאַסנײַ,—זאָל עס זײַנ אינ אַ גוטער שאָ, מיט אַפולע גליק דערבײַ!..

װער קאָנ עס נאָך געדענקענ, װאָס ער זאָגט?.. מענ דאַרפ זיך גוט צוהערנ, אונ מענ דאַרפ װײנענ... אָבער איך בינ נאָך אַ קלײנ מײדל אונ פאַרשטײ נאָך ניט, פאַרװאָס מענ דאַרפ דאָ װײנענ, אָבער אַז איך נעם מײַנ נאָזטיכעלע, זאָגט מענ שױנ:

— גענוג, גענוג, עס איז שױנ שפעט.

אונ אַז דער באַדכנ װערט שטיל, פירט מענ אַרײַנ דעם כאָסנ באַדעקנ די קאַלע.

דער כאָסנ גײט ערנסט, װיכטיק, אַרומגערינגלט פונ עטלעכע ייִדנ. דער כאָסנ נעמט אַ ברעג פונ דער קאַלעס שלײער אונ װאַרפט עס אַרופ אַפ דער קאַלעס פּאָנעם, אונ גײט צוריק. די, װאָס שטײענ דערבײַ, באַװאַרפנ אים מיט פּאַפּיר־בלומעלעך. װער עס האָט קײנ בלומעלעך, האָט אָנגעגרײט האָפּנ—מענ באַשיט דעם כאָסנ מיט האָפּנ. די קלעזמער פירנ אים אַרױס מיט מוזיק. עס װערט אַ באַװעגונג, אַנ אײַלעניש, אַ שטיקעניש. די קאַלע װײנט נאָך... זי טרײסלט זיך אַזש פונ געװײנ...

אינעם טומל אונ שטיקעניש דערזע איך נעבנ מיר האַרט אַ מײדל, אַ פּיל עלטערע פאַר מיר, װאָס זי װערט מיר געפעלנ. זי שטופּט זיך, איך שטופּ זיך אױך נאָך איר. עמעצער רופט זי אָנ: שיפרע—שיפרע, זאָל זײַנ שיפרע. נו, איז װאָס? אָבער זי געפעלט מיר זײער, אױסער איר נאָמענ װאָס קלינגט אַזױ שײנ, איז זי אַלײנ אַ שײנע. זי איז פונ מיטעלנ װוקס, אַ דאַרינקע. די האָר האָט זי טונקעלע אונ זײ ליגנ אינ דיקע צעפּ אױסגעלײגט אַפ איר קאָפּ: אױגנ... אונ די הױפּט־זאַך די אױגנ—זײַנענ בײַ איר טונקל גרױע, גרױסע, אומעטיקע... אונ אַפ איר טונקעלער קלײד איז קײנע מאָדעס אונ פּאַסאָנעס ניטאָ, נאָר אַ װײַס קאָלנערל באַם האַלדז.

זי איז מיר געפעלנ די שיפרע, אונ אינ שטופּעניש לאָז איך פונ איר קײנ אױג ניט אַרונטער. אַז איך קוק אַפ איר אַזױ, קוקט זי אַפ מיר אױך... אונ שמײכלט שטיל... זי שמײכלט נאָר מיט די אומעטיקע גרױסע, גרױע אױגנ. זי פרעגט בײַ מיר:

— אינ שטאָט פּראַװעט מענ אױך אַזױ אַ כאַסענע?

אינ שטאָט? איך װײס דענ? איך בינ נאָך גאָר אַפ אַזױפיל כאַסענעס ניט אָנגעװעזנ. איך פרעג בײַ איר—צי זי איז אױך אַ שטאָטיקע?

— איך בינ,—זאָגט זי אונ שמײכלט,—אי אַ שטאָטישע, אי אַ שטעטלדיקע...

זי דערקלערט מיר: זי איז אַ היגע, טאַקע אַ שװעסטערקינד דער קאַלעס, דער מומע סטיסעס אַ טאָכטער, אָבער זי װױנט אינ שטאָט.—װאָס טוט זי אינ שטאָט?—זי לערנט זיך צו ביסלעך אונ אַרבעט.—װאָס אַרבעט זי?—זי נײט...

איך שאָקל צו מיטנ קאָפּ. מיר געפעלט עס זײער:—אַרבעטנ אונ לערנענ זיך, אונ אַלײנ זײַנ אַ קלײנשטעטלדיקע. דער מומע סטיסעס אַ טאָכטער, אונ װױנענ אינ שטאָט... גאָר לאַנג רײדנ דערװײַל קאָנ מענ דאָך ניט. מענ פירט די קאַלע

אונטער דער כופּע—דאָס איז אַנ ערנסטע מינוט. מענ קאָנ ניט אונ מענ טאָר דאָס ניט דורכלאָזנ. איכ שטופּ זיכ אויכ אינ דער גרויסער שטופּערײַ, אונ מענ שטופּט אונדז מיט שיפּרענ פאַנאַנדער.—ווּ בינ איכ, אונ ווּ איז זי?..

אַז איכ בינ אינ דרויסנ, אָטעמ איכ גרינג אָפּ. אָט שטייט די כופּע אונ וואַרט אינ טומל, אינ אײַלעניש... אונ דער גאַנצער אוילעמ מיט דער קאַלע אונ אונטערפירערס ציִענ זיכ אַהער... איכ דערזע ווידער שיפּרענ. אָט שטייט זי עטוואָס אָנדערזײַט פונ דער געדיכטעניש... קוקט אַפּ דעמ כאָסנ־קאַלע, אונ מאָרנע אומעטיק זײַנענ אירע גרויסע גרויע אויגנ.

---

ווידער אינ שטוב אַרומ די געגרייטע אָנגעשטעלטע נאָכ דער כופּע טישנ. שטופּנ זיכ מענטשנ. איכ וואָלט וועלנ וויסנ, וויִ וואָלט דאָ מײַנ קלוגע מאַמע געטאָנ: צי זי וואָלט זיכ לאָזנ בעטנ עפּעס געניסנ, ווי עס פירט זיכ אַפּ אַ סימכע, אָדער זי וואָלט זיכ מיט אַלעמענ געשטופּט אונ געשטויסנ? אויב זי וואָלט זיכ געלאָזנ בעטנ עפּעס געניסנ, וואָלט זי געוויס באָרנישט גענאָסנ; אויב זי וואָלט זיכ געשטופּט, וואָלט זי אויכ גאָרנישט גענאָסנ... מענ וואָלט איר נאָר אירע קראַנקע פיס צעטראָטנ אונ איר קלייד אָפּגעריסנ... נאָר אַזאַ כאַפּעניש האָט מײַנ מאַמע אויכ געוויס ניט אָנגעזענ, אַזאַ שטופּעניש, אַזאַ טומל... עס פאַרשטייט זיכ, אַז איכ האָב גאָרנישט גענאָסנ, ניט איכ אונ ניט נאָכ אַפּולע ווי איכ אונ ניט שיפּרע. ביילקע אונ קיילקע האָבנ יע עפּעס געלעקט, אונ געזויגנ... דער הינקעדיקער באַדכנ, וואָס האָט זיכ אַרומ זיי אַרומגעשאַרט (ער האָט מיסטאָמע נאָכ זייערע שיינע קליידלעכ געקלערט, אַז זיי וועלנ אײַנגיכנ ווערנ קאַלעס) האָט זיי געגעבנ אַ פינגער אונ געזאָגט מיט באַדכאָנישנ געלעכטער:—נאַט אײַכ מײַנ פינגער אונ זויגט אימ אויכ, מײַנ פינגער איז אַ זיסער—איכ האָב אימ נאָרוואָס אינ עמעצנס אַ גלאָז זיסע טיי אײַנגעטונקט. כע... כע...

דער כאָסנ־קאַלע זיצנ אויבנאָנ באַמ טיש. עפּעס אַז איכ קוק אָפּנ כאָסנ געפעלט ער מיר ניט. ניט דערפאַר וואָס ער ביִט אינ אַ מיִעסנ קאַפּעליוש, נאָר עפּעס אינ זײַנ פּאָנעמ פעלט עפּעס, ער זאָל געפעלנ, איכ ווייס ניט,—אַז דער קאַלע געפעלט ער, געפעלט ער מיר שוינ אויכ. אונ ווײַטער גאָרנישט.

נאָכ דער כופּע טאַנצט מענ ווידער. מענ קאָנ זאָגנ, אַז די טענצ הייבנ זיכ גראָד איצט אָנ. הײַנט וועט מענ טאַנצנ ביז אַ שטיק אינ טאָג אַרײַנ, אונ מאָרגנ וועלנ זיכ די טענצ אַ גאַנצנ טאָג ציִענ ביז דער וועטשערע, ביז דעמ דראָשע־געשאַנק אויסרופנ. דעמאָלסט וועט מײַנ בעקנ אויכ באַווײַזנ זיכ מיט זײַנ גרויס אונ וויכטיקײַט...

דערווײַל זיצ איכ זיכ מיט מײַנ נײַער באַקאַנטער, מיט שיפּרענ, זיצ אַפּ אַ שוועל פונ אַ טיר אינ הויפ אַרײַנ אונ איכ פאָכע זיכ מיטנ טיכעלע אונ קיל זיכ אָפּ. אַ שרעק, ווי הייס עס איז איצט! אינ אינעווייניק טומלט, די קלעזמער שפּילנ, אונ מענ טופּעט אונ מענ טאַנצט... עמיצנס אַ דינ פידעלע שנײַדט זיכ דורכ אַלעמענס שפּילנ... אַזוי דינ, אַזוי פײַנ... אַזוי אומעטיק...—הערט נאָר צו, הערט נאָר צו...—זאָג איכ שיפּרענ... נאָר מיט אַ טומל רײַסט זיכ דאָס שפּילנ אָפּ. וואָס איז דאָס?.. אַ גרויסער טומל, ווי אַ גרויס וואַסער וואָלט פונ ערגעצ אַהער אָנגעשלאָגנ...

— וואָס איז? וואָס איז? לאָזט, לאָזט! גוואלד, ראטעוועט!—שרײַט מענ פונ אינוויײניק.

מיר לאָזנ זיכ מיט שיפּרענ אויכ לויפנ צומ טיר אינ שטוב. צו דער טיר, צו די פענצטער. נאָר וווּ, ווענ? אלע מענטשנ ווי א קנויל האָבנ זיכ געשפּארט אפ טיר אונ פענצטער; מענ שוויַסט, מענ שטיקט זיכ איינער איבער דעמ אנדערנ...

— וואָס איז? וואָס איז? נאָר קיינער ווייס ניט, נאָר קיינער וויל ניט זאָגנ.

אונ אז דער גרויסער אוילעמ האָט זיכ שוינ ארויסגעשפּארט, ארויסגעשפּרונגענ פונ טיר אונ פענצטער אינ דרויסנ ארויס, האָב איכ דערזענ...—אָי, ליבער גאָט, וואָס איכ האָב דערזענ!..

א גאנצער יאמ מיט פלאמענ האָט זיכ פונ דרויסנ מיט טומל אונ טרעסקערײַ געטראָגנ אפ אונדז, האָט זיכ געשפּארט אונ געוואָרפנ... דאָס געוויינ אונ געטומל איז געווענ אזוי שרעקלעכ, אז איכ האָב אויכ געשריִענ... לויפנ? נאָר וווּהינ לויפנ? איכ ווייס ניט, צי האָבנ אלע מענטשנ געוווּסט וווּהינ צו לויפנ—וואָס צו ראטעווענ, אָדער דאָס פײַער לעשנ... אז קיינ פײַערלעשער זײַנענ אינ שטעטל ניט געווענ. מענ האָט אפּדערגיכ געשפּאנט פערד אונ וואָגנ, ווער עס האָט נאָר געקאָנט מיט פערד אונ וואָגנ זײַנ ביסל האָב אונ גוטס ארויסראטעווענ. נאָר מענ האָט ניט דערלאָזנ:—מענ האָט צוריק ארויסגעוואָרפנ דאָס ביסל בעבעכעס פונ וואָגנ ארויס, מענ איז געלאָפנ מיט די ווענענער צומ טײַכ אראָפּ; מענ האָט געשעפּט וואסער מיט עמער אונ צעבערלעכ אונ מיט נאָכ קיילימ; מענ האָט גענעצט לײַלעכער, האנטיכער, מענ האָט נאסע קנוילנ געוואָרפנ אפנ פײַער, מענ האָט מיט זאמד דאָס פײַער געלאָשנ—קליינ אונ גרויס, יונג אונ אלט...

אָבער וואָס האָט געברענט? ווער האָט געברענט? איכ ווייס ניט, ווער ברענט... נאָר—א קלאָג א גרויסער!—איכ דערוויס זיכ... דער גרעסטער שעד איבער אלע שיידימ האָט דאָס אָפּגעטאָנ! דאָס האָט געברענט דעמ רעבע איטשע־נאָטעס שטוב מיט אלצ מיט אנאנדער וואָס אינ שטוב האָט זיכ אײַנגעפונענ!...

— גוואלד־געשריִענ!—שרײַענ אלע, שרײַ איכ אויכ...

דאָס פײַער! האָט שוינ ווער געזענ א פײַער, א סרייפע אינ א שטעטל? איכ האָב דאָס נאָכ ביז אהער ניט בעזענ... א פײַער א גרויסער, א טומלדיקער שלאָגט זיכ דורכ רויכ אינ אלע זײַטנ ביזנ הימל ארופ. איטלעכע רעגע ווערט דאָס פײַער גרעסער אונ האָזעדיקער אונ שלאָגט זיכ מיט טומל אינ די זײַטנ אריבער. אָט ברענט שוינ נאָכ עפּעס א דאכ... א שטאל... אָט טרעשטשענ שויבנ... א קאָל פונ א דערשראָקענער בעהיימע... אונ מענטשנ, ווי שווארצער שטויב, שיטנ זיכ ארומ... מענ גיסט וואסער, מענ שפּריצט, מענ שרײַט, מענטשלעכע פּנעמער זײַנענ רויט—אָט דאכט זיכ האָט דער ווילדער פײַער אפ זיי זיכ ארופגעוואָרפנ.

— ראטעוועט, ראטעוועט, ראטעוועט!...

נאָר מענטשנ לויפנ אוועק. מענטשנ ראטעווענ זייער קליינע האָב אונ גוטס...

פונ אלע אָפענע פענצטער הערט זיכ אנ אינוויייניקסטער טומל. מענ פּאקט זיכ, מענ ווארפט ארויס זאכנ אינ דרויסנ, ווײַבער וויינענ, שרײַענ. אופגעוועקטע קליינע קינדער פונ שלאָפ וויינענ. אפ דעמ גאנצנ שטעטל איז אָנגעפאלנ מעשוגאעס אונ שרעק—אונ פארלאָרנקײַט...

איך לויף פון פײַער אוועק. איך ווייס ניט, וווהין איך לויף. א ווײַבל, וואָס איז ווי מעשוגע, שפּארט מיר אין די הענט אריַין א קליין ווייגענדיק קינד, שטעלט מיר צו מײַנע זײַטן, צו מײַן קליידל נאָך צוויי קליינע וויינענדיקע נאקעטע קינדערלעך און זאָגט:

— גיי מיט זיי אהינ!

— וווהינ?

— וווהינ דו ווילסט, נאָר נעם זיי צו פון פײַער.—און אליינ לאָזט זי זיך לויפנ צו איר אינ שטוב. דאָס גאנצע שטעטל איז פון דער טרייפע ווי באטאָג באלויכטנ. די קינדערלעך, אז זייער מאמע האָט זיי אָפּגעגעבנ עפּעס א פרעמד מיידל אינמיטנ דער נאכט, שרײַענ נאָך מער. איך באמי זיך זיי אײַנשטילנ, איך זאָג זיי:

— שא, שא, קינדערלעך, ניט וויינט. אָט באלד קומט אײַער מאמע, שא, באלד קומט זי און וועט אײַך ברענגענ א גוטע זאך.

נאָר די קינדערלעך שרײַענ, שרעקנ זיך און שרײַענ אָנ אופהער... איך ווייס ניט, וווהינ זאָל איך גיינ מיט זיי. נאָר שטיינ קאָנ איך מיט זיי אויך ניט:— זיי רײַסנ זיך פון מיר, זיי קענענ נאָך אינ פײַער ארײַנלויפנ, מען קאָנ זיי צעטרעטנ.

— וואָס שטייסטו דאָ, גוילעמ!—שרײַט מענ אפ מיר,—גיי אוועק מיט זיי!

— וווהינ זאָל איך גיינ?

— אוועק פונדאנענ, סטויפּ, אסטאלאָפּ!—שרײַט מענ,—די קינדער נעמ צו פונ־דאנענ!

איך רוק זיך אָפּ... איך שלעפּ אָפּ די שרײַענדיקע קינדער... די קינדערלעך זײַנענ דאָ מיט זייערע קוילעס ניט אליינ.—עס וויינענ און שרײַענ אלע: ווײַבער, מיידלעך, אלטע און יונגע...

איינער אנ אלטער ייִד זאָגט:

— נעמ זיי צו, די קינדער פונ דאנענ, גיי מיט זיי אהינ, צומ טײַך, צו דער לאָנקע.

— ווו איז דער טײַך? די לאָנקע?—פרעג איך.

דער ייִד גיט אפ מיר א געשריי:

— אָט איז שוינ איינע מעשוגע געוואָרנ!

— קומ, קומ,—זאָגט א ייִדענע אונטער א גרויסנ פּאק,—קומ, איך וועל דיר ווײַזנ ווו די לאָנקע איז.

איך שאר צונויפ מײַנע וויינענדיקע קינדערלעך; איך באמי זיך נאָכגיינ נאָך דער ייִדענע מיט דעם פּאק. די קינדערלעך ווילנ מיט מיר ניט גיינ, זיי שרײַענ:

— מאמע, מאמע, מאמעלע...

איך טרעט איבער גערטנער, איך טרעט ארופ אפ א קירבעס און פאל אומ מיט דעם קינד אפנ האנט. דאָס קינד, וואָס איך פיר מיט דער צווייטער האנט פארנ הענטעלע, האָט זיך א פיסעלע אָפּגעקלאפּט, עס שרײַט, עס יאָמערט.

איך טרעט שוינ אפ דער לאָנקע. גרויסע קופּעס פונ שטוב־זאכנ און מענטשנ, און קינדער געפינענ זיך דאָ אײַנ.

— ווער איז דאָ?—פרעגט מענ פונ די קופּעס ארויס.

— וואָס הערט זיך? וואָס הערט זיך?—פרעגט מענ,—וועמעס שטוב שוינ נאָך?

אָבער איך ווייס ניט... א מענטש, וואָס איז אויך נאָרוואָס צוגעגאנגענ, זאָגט

— דאָס פײַער וועט קלענער.

— קלענער? געלויבט איז דער אויבערשטער...

איך שפאר זיך צו צו די קופעס ווו מענ רעדט. מענ דערקענט מיך.

— זע, זע נאָר, דאָס איז דאָך דאָס געקומענע מיידל אפ דער כאסענע. שא, אונ וועמענס קינדערלעך זײַנענ דאָס?.. זע נאָר, דאָס זײַנענ דאָך קונעלע אונ דינעלע... דאָס זײַנענ דאָך באשקעס מיידעלעך, נאָר ווי קומסטו צו זיי?

גיי דערציילן זיי א מײַסע... אָבער די מיידעלעך (אונ איך האָב געמיינט, דאָס זײַנענ ייִנגעלעך,—נאָך זייערע נידעריק אָפגעשאָרענע קעפעלעך האָב איך אזוי גערעכנט), אז זיי דערהערנ מענ דערמאָנט זייער מאמענ, וויינענ זיי ווידער.

— אײַ די מאמע, מאמע, מאמעלע!..

— אײַ א כאסענע, א ביטערע כאסענע,—דערמאָנט זיך א ייִדענע...

— זעסט דאָך, די רייכל ריווקעס איז געזעסנ לאנג א מויד,—וואָלט זי נאָך געזעסנ, וואָלט דאָס אומגליק ניט געקומענ... אז איר פארשטייט ניט—ווענדט זיך די ייִדענע צו עמעצנ—א כאסענע, איז מענ צעטומלט, לאָזט מענ ערגעצ פײַער... איז אָט, נא דיר...

— יע. די כאסענע איז אנ אומגליקלעכע. פארברענט געוואָרנ דער קאלעס רייכלס גאָב, וואָס מענ האָט געקליבנ יאָרנלאנג: די קליידער, די קישנס, מיט אלצ מיסאנאנדער...

געקומענ צולויפנ א מיידל פונ דאָרטנ, פונ דער סרייפע אונ דערציילט:

— עס ברענט יאָשקעס שטוב.

— יאָשקעס שטוב?

— אבי מענ זאָגט, איטשע־נאָטעס שטוב ברענט.

— איטשע־נאָטעס שטוב ברענט אויך. אָבער דאָס פײַער איז איבערגעשפרונגענ אפ יאָשקעס שטוב. יאָשקעס שטוב ברענט פונ אלע פיר זײַטנ, ברענט ווי א ליכטעלע.

— אײַ, ליבינקער פאָטער אינ הימל, דערבארעם זיך.

— אָבער דער קאלעס, רייכלס זאכנ זײַנענ פארברענט געוואָרנ.

— א קופערט האָט מענ ארויסגעראטעוועט.

— א קופערט ארויסגעראטעוועט? געלויבט דער אויבערשטער... ווערט מיר אויך גרינגער...

א ווײַבל גייט אונ זוכט. דאָס איז די באשקע, וואָס אירע קינדערלעך שלאָפנ שוינ אײַנגעדעקטע ארום מיר. איך גיב זיי קיינעם ניט אוועק פונ זיך, ווײַל מיר האָט דאָך זייער מאמע זיי איבערגעגעבנ, אונ קינדערלעך זײַנענ ניט קיינ קלייניקײַט...

יאָ, איז אָט זײַנענ זיי, די קינדערלעך. אז זייער מאמע קומט, דערפילנ זיי פונ שלאָף, אונ אז זיי כאפנ זיך אוף, וויינענ זיי ווידער... דאָס עלטערע מיידעלע זאָגט:

— איך האָב געמיינט, דער בער האָט דיך אופגעגעסנ, ווײַל דו האָסט געוויינט אונ געשריִענ, אָנ יענער בער וואָס ברענט דאָרט,—אונ עס באווײַזט מיטנ פינגערל אפ דער זײַט פונ פײַערדיקנ הימל.

די קינדערלעכס מאמע בעט זיי אויס אפ קישנס אונ דעקט זיי צו מיט קישנס.

— שלאָפט, שלאָפט, קינדערלעכ!..

יע, טאקע דאָס מערסטע קינדערלעכ שלאָפנ ווי עס איז אונ ווו עס איז צוגעשפארט. אָבער אנדערע קינדערלעכ ווייִנענ נעבעכדיק, הייזעריק פונ די פעק ארויס...

— איַי, וויי איז מיר,—קינדערלעכ, פונ שלאָפ אופגעריסענע. זיי זיַינענ אוואדע קראנק געוואָרנ, פארקילט... אפולע דארפ א קינד האָבנ? אָט הוסט שוינ א קינד, אָט הוסט נאָכ א קינד...

— אונ דער אלטער רעב־מוישע, וואָס מאכט ער איצט? א ייִד א גויסעסער, מענ האָט אימ פונ שטוב אהער מיטנ בעט געטראָגנ... אָנ דאָרט ליגט ער...

מיר ווילט זיכ א קוק טאָנ אפ דעמ אלטנ גויסעסנ רעב־מוישענ, וואָס מענ האָט אימ אהער מיטנ בעט געטראָגנ.

— וויי צו מיר, עס איז געווענ ווי א לעבעדיקע לעוויַע,—זאָגט א ייִדענע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פונ גאנצנ טאָג, נאָכ פונ פרי אָנ, פונ ווענ בינ איכ אזוי מיד... איכ האָב נייטיק געדארפט נאָכ א לאָפ טאָנ צו דער סרייפע. יע, זי ווערט שוינ, די סרייפע, קלענער. אָבער איכ דארפ נאָכ זענ, וואָס טוענ זיי דאָרט אלע—די גאנצע כאסנע־פאמיליע, די אלע געסט, וואָס האָבנ ניט לאנג געדרייט זיכ אונ געטאנצט אינ דער גרויסער אָנגעשטאָפטער שטוב. אָבער איכ בינ מיד, נו, איכ קאָנ גאָר אפ מיַינע פיס ניט שטיינ; אז איכ שטעל זיכ, פאל איכ פאָשעט אומ. די וויַיבער דאָ פונ די פעק זאָגנ:

— ווהינ וועסטו גיינ, אָט שפאר זיכ צו דאָ. אָט דאָס איז דיר א כאסענע...

יע, עס קומט טאקע אויס אזוי. איכ שפאר זיכ צו דערוויַיל אפ עמעצנס א פאק, איכ קוק אפנ הימל... עס ווערט העלער, קילער, עס הויבט שוינ אָנ טאָגנ... וואָס האָט זיכ פאר דעמ טאָג צוטאָנ, פאר דעמ אָונט, פאר די נאכט, פאר דער לעצטע עטלעכע שאָ... ווו זיַינענ זיי אלע? די מעכותאָנים, די קלעזמער, דער כאָסנ־קאלע, די געסט, ביילקע אונ קיילקע מיט זייערע פעקלעכ אונ זעקלעכ... אלצ מיסטאָמע פארברענט געוואָרנ, אונ מיַינ מעשענער בעקנ אויכ.

א ווינטל א קאלטער, א רויער בלאָזט פונ טיַיכ. די פלאמענ אפנ הימל אינ יענער זיַיט זענ זיכ שוינ קלענערע, ווי שטילערע, בויגנ זיכ שוינ נידעריקער, נידעריקער. א נאסקיַיט ציט זיכ מיר אינ האלדז אריַינ...

איכ קלער אונ דרעמל...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# פון פאָלקלאָר

## נאָכן שלאכט בא כאסאן

דאָרטן ווײַט בא א וועלדעלע,
איז א דערפעלע פאראן.
פלי אהין, מײַן פייגעלע,
פון דער אָזערע כאסאן.

און אהין אין דערפעלע,
איז דאָך זייער ווײַט,
ביז ס׳דערגייט א בריוועלע
דויערט א פולע צײַט.

איך ווייס, אז מײַנע עלטערן
באומרויִקן זיך אזוי,
זייערע הערצער זײַנען פול
מיט לײדן און מיט וויי.

איך ווייס, אז מײַנע עלטערן
שלאָפן ניט באנאכט,
ווער ווייס צי אונדזער זון
ז׳ארויס געזונט פון שלאכט.

פלי זשע, ליבע פייגעלע,
פלי אהין געשווינד,
זאָג אָן מײַנע עלטערן,
אז איך בין געזונט.

פלי זשע, ליבע פייגעלע,
פלי זשע גיך צו זיי,
זאָג זיי גיכער, שנעלער אָן,
אז ס׳האָט געזיגט אונדזער ארמײ,

אז די גרענעצברעכער
האָבן באצאָלט מיט קעפּ,
אז לאנג וועלן זיי געדענקען
אונדזערע שווערע קלעפּ.

זאָג זיי, אז אינגיכן
וועל איך אורלויב נעמען,
און זיך זען מיט זיי
וועל איך אהיים קומען.

אכ! ווער וועט דעמאָלט זײַן
צו מיר אזויגאָך גלײַך,
אז איך וועל, ליבע עלטערן
צעקושן זיך מיט אײַך.

און מײַן גרויסע פרייד
כ׳וועל מיט אײַך זיך טיילן,
ווונדער פון דער רויטער ארמיי
כ׳וועל אײַך דאָך דערציילן.

דערווײַלע שיק איך אײַך
פונווײַטן מײַן גרוס,
דערווײַלע שיק איך אײַך
פונווײַטן א הייסן קוש.

(פון א. ו ע ר ב א, באָברויסק,
ארבעטער פון זאוואָד נומער 4).

# עדוארד סאמויליאָנאָק

געשטאָרבן עדוארד סאמויליאָנאָק...

אַן אויסגעצייכנטער שרײַבער, אַ ליבער מענטש, אַ געטרײַער כאַווער.

ווי ליב ער האָט געהאט דאָס לעבן, ווי געפרייט ער האָט זיך פון יעדן דערפאָלג פון אונדזער לאַנד, ווי שטאַרק ער האָט פײַנט געהאט די סאָנים!

אַלע, וואָס האָבן געקאָנט עדוארדן, וועלן אַפּ שטענדיק פאַרהיטן אין זייער האַרץ די געשטאַלט פונעם פּילבאַרן כאַווער, וועלכער איז שטאַרק זאָרגזאַם געווען אין באַצוג צו יעדערן, וואָס האָט זיך צו אים געווענדעט נאָך הילף אָדער נאָך אַן אייצע.

עדוארדס אויגן האָבן שטענדיק געלויכטן מיט מילדקײַט און וואַרעמקײַט, אָדער מיט האַס, סאַרקאַזם און כייזעק. ער האָט ליב געהאט אַלץ, וואָס איז טאַלאַנטפול אין דער ליטעראַטור, וואָס איז לעבעדיק, באַגאַבט, און האָט זיך באַצויגן צו דעם אַלעמען מיט גרויס וואַרעמקײַט; ער האָט פײַנט געהאט אַלץ, וואָס איז פּײַנטלעך, קאַלטורנע—אַלץ, וואָס האָט געשמעקט מיט צופּאַסלערײַ.

ער פלעגט אופּגעבראַכט ווערן פון דער ניט ערנסטער באַציִונג פון אייניקע שרײַבער צו זייער אַרבעט. ער האָט פײַנט געהאט אופּגעשוואָלענע און צעצויגענע, אומענדלעכע לאַנגע שרײַבעכצן. וועגן דעם פלעגט ער זאָגן אַזוי:

— ווען די דאָזיקע ביכער וואָלטן געווען הײַזער, וואָלטן זיי ניט געשטאַנען אפילע קיין צען מינוט. אַפּ זייער אָרט וואָלטן פאַרבליבן הרודעס שלעכטע ציגל.

אַליין אַ קינסטלער, וואָס האָט פיל געפאָדערט פון זיך זעלבסט, האָט ער שטענדיק גערעדט וועגן דעם, אַז ער איז ניט באַפרידיקט מיט זײַנע ווערק, אַז ער וועט קענען שאַפן ווערק פיל שטאַרקערע און טיפערע.

דורשטיק שלינגענדיק די לופט מיט די אָפּגעשוואַכטע און צעשעדיקטע לונגען, פלעגט עדוארד זאָגן:

— איר וועט זען, וואָס איך וועל נאָך אָנשרײַבן. לאָזט מיר נאָר זיך אופהייבן פון בעט. אָבער וואָס פון בעט! אָט וועל איך נאָר עטוואָס קרעפטיקער ווערן, וועל איך, אפילע אין בעט ליגנדיק, שרײַבן.

איך קען ניט אָפּלייגן,—פלעגט ער זאָגן ווײַטער,—איך מוז טייקעף צוטרעטן צו דער אַרבעט איבערן צווייטן באַנד פון ראָמאַן „צוקונפט“.

בא אים אינ קאָפּ איז שוינ געווענ ביז קלייניקייַטנ פאנאנדערגעארבעט דער פּלאנ פונעם דאָזיקנ באנד.

דער שווער קראנקער עדוארד איז געווענ פול מיט אָפּטימיזם. עדוארדס ווונדער-לעכער הומאָר פלעגט אונדז שטענדיק באצויבערנ.

ס'איז טונקל... עס קומט אָנ דער אָוונט, אינ צימער ווערט פינצטער. עדוארד ליגט, א דארער אונ א לאנגער, צום באוווּנדערנ ענלעכ לויט די קאָנטורנ פונעם געזיכט אפ ניקאָלייַ אָסטראָווסקינ. ריידנ איז אים שווער. ער הוסט אָפּט. די שטים הערט זיכ קוים, אָבער זי איז באגייַסטערט. ער זאָגט:

— איליקאָ וועט בא מיר זייַנ א קאפּיטאנ פונ דער אוויאציע. אונ גוואציא— גאמרעקעליס פארעבאָק—א פּאָרזיצער פונ אנ ארטעל אפ אויסארבעטנ קוואס.

עדוארדס אויגנ לויכטנ אופּ פונ א שמייכל:

— אונ גאמרעקעלי וועט פארקויפנ קוואס אינ איינעם פונ די לארקעס, וואָס זייַנענ אונטערגעאָרדנט גוואציענ. גוואציא דערקלערט דורכ א באפעל אנ אויסרייד גאמרעקעליס פארנ פארשפּעטיקנ צו דער ארבעט... אָט א קאָמעדיע... אונ גאמרעקעלי האָט פארשפּעטיקט דערפאר, ווייַל ער איז געגאנגענ געוואָרע ווערנ דעם אוועקשטארבנדיקנ פּאטשוליא, וועלכער האָט זיכ אים מוידע געווענ פארנ טויט, אז דעם אָפּמאכ מיט דער בארושע האָט ער דורכגעפירט אויסשליסלעכ פאר גאמרעקעליס געלט...

דער שווער קראנקער עדוארד סאמויליאָנאָק איז פול געווענ מיט שעפערישע אידייענ. וויפל גרויסע פּלענער עס זייַנענ אוועק אינ קייווער צוזאמענ מיט אָט דעם אויסגעצייכנטנ שרייַבער. דאָס איז געווענ א מענטש, וועלכער האָט געלעבט מיט זייַנ שאפנ יעדער מינוט, יעדער טאָג, יעדער שאָ.

עדוארד סאמויליאָנאָק איז געווענ אויסשליסלעכ ארבעטפייִק. שעפערישע דרייסטקייַט איז געווענ דער כאראקטעריסטישער שטריכ זייַנער. ער האָט שטענדיק געשטרעבט צו נייַע טעמעס, צו נייַע געשטאלטנ. עס האָבנ אים אינטערעסירט אינ לעבנ אסאכ זאכנ.

ער האָט געקענט די ראכוועסנ פונ דער זוניקער גרוזיע, ער האָט געקענט די סטעפּעס פונ אוקראיִנע, ער האָט געוווּסט די נעמענ פונ די גראָזנ אינ פעלד, ער האָט גוט געוווּסט דעם יעגער-וועזנ, ער האָט ליב געהאט דעם פּייזאזש פונ אונדזער ווייַסרוסישער פּאָלעסיע, ער האָט זייער אסאכ געוווּסט וועגנ פיש.

איינמאָל האָט עדוארד אינ פארלויפ פונ עטלעכע שאָ געשמועסט וועגנ פיש מיטנ רוסישנ שרייַבער פּאוולענקאָ.

— איר דארפט שרייַבנ וועגנ פיש!—האָט אויסגערופנ פּאוולענקאָ.—איר ווייסט אזוי אויסגעצייכנט זייערע געוווינהייַטנ!

— מירנ אויכ וועגנ פיש אָנשרייַבנ,—האָט, שמייכלענדיק, געזאָגט עדוארד.

עדוארד איז געווענ שטארק אופּאָדערנדיק צו דעטאלנ אינ א קינסטלעריש ווערק. ער האָט שטענדיק געכויזעקט פונ א שרייַבער, וואָס האָט ניט אויספירלעכ געשריבנ וועגנ דער נאטור, וואָס האָט געפּלאָנטערט די נעמענ, וואָס האָט ניט געוווּסט די נאטור.

בא עדוארד סאמוילִיאָנאָק איז געווענ א פײַנ, קרישטאָלִ ריינ הארצ. ער האָט מיט גרויס לִיבע גערעדט וועגנ דעמ כאווער סטאלִינ, ער איז געווענ א לײַדנשאפט־לִעכער פאטריאָט פונ אונדזער היימלִאנד.

* * *

פארנ גרונט־אינהאלט פונעמ שאפנ פונ עדוארד סאמוילִיאָנאָק דארפ מענ האלטנ דאָס באשטעטיקנ די אידייע פונ הומאניזמ—לִיבע אונ אכטונג צומ ארבעטנדיקנ מענטשנ, האס צו די סאָנימ פונ פאָלִק.

אינ זײַנ שאפנ האָט עדוארד קיינמאָלִ ניט אויסגעמיטנ די פאָלִיטישע אקטועלִקײַט—דאָס זעענ מיר שוינ אינ זײַנ ערשט גרויס ווערק—„טעאָריע קאלִענבערונ".

אינעמ דאָזיקנ בוכ דעקט אופ סאמוילִיאָנאָק די שפּיאָנישע טאקטיק פונ פא־שיסטישנ פוילִנ. עדוארד סאמוילִיאָנאָקנ האָט זיכ אײַנגעגעבנ אויסמאָלִנ א ריי בוילִעטע כאראקטערנ פונ די פאשיסטישע רעדלִפירער. אָט איז דער מאיאָר קאלִענ־ברונ. דאָס איז א כיטרער סוינע. זײַנ אויסגעפרווטער מעטאָד איז פראָוואָקאציע. ער פארטראכט א ברייטנ פלאנ פונ אריבערוואַרפנ אפ דער סאָוועטישער טעריטאָריע שפּיאָנענ אונטערנ אוימזענ פונ מיטגלִידער פונ דער קאָמפארטיי פונ פוילִנ אונ פונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד. אונ דאָס גיט זיכ אימ טיילווײַז אײַנ. אָבער קאלִענבערונ האָט ניט גענומענ אינ אכט די קאָמוניסטנ אינ דער פוילִישער ארמיי, די קאָמוניסטנ אפ יעדער פאבריק אונ זאוואָד. אונ זײַנ פראָוואָקאציע איז דורכגעפאלִנ. עדוארד סאמוילִיאָנאָקס בוכ איז א פארכאפנדיקער בוכ. זייער גוט איז דאָ אָנגעשריבנ די סצענע פונעמ מיטינג פונ די ארבעטלאָזע אינ דער טונקלִקײַט פונעמ הארבסטיקנ פארק אינ ווילִנע. אויסשלִיסלִעכע פיגוראזשנ: פינצטערע, שווערע, אָנגעפילִטע מיטנ בייזנ רויש פונ די הארבסטיקע ביימער. ווארעמ איז אינ בוכ באוויזנ די געזעגענונג פונ צוויי באָלִשעוויקעס—מארטינ קראמארטשיק אונ משעסט פאר דער אנטשיידנ־דיקער ארויסטרעטונג פונ דער קאָמפארטיי קעגנ דער פראָוואָקאציע פונ די פאשיסטנ.

קימאט אײַנצײַטיק מיטנ ווערק „טעאָריע קאלִענבערונ" שרײַבט סאמוילִיאָנאָק א ריי דערציילונגענ וועגנ דער סאָוועטישער ווירקלִעכקײַט. פונ זיי דארפ מענ באַ־זונדערס אויסטיילנ די דערציילונג „דאָס יעגערישע גלִיק" אונ „דער אָנשפאר־פונקט". „דאָס יעגערישע גלִיק" באווײַזט דעמ יעגער־קאָלווירטניק לאוורענ. זײַנ גאנצנ לעבנ האָט ער געטרוימט וועגנ דעמ דערפאָלִג פונ א יעגער—וועגנ א ווידרע. אונ אָט האָט ער געפאקט איר שפור. ער האָט זי אפילע פארשפארט אינ דער נאָרע. אײַנ נאכט—אונ דער גלִיק איז זײַנער. אָבער דאָ שטעלט זיכ אוועק קעגנ זײַנ „גלִיק" דער קאָלווירטישער לײַנ־בריגאדיר. עס פעלנ מענטשנ. מע דארפ קלאפנ דעמ לײַנ באדערנאכט. צו דעמ ווערט מאָבילִיזירט דער גאנצער קאָלווירט. איז אָט קומט לאוורענ, בײַקומענדיק דעמ אינערלִעכנ ווײַטעק, צומ טײַכ, עפנט אופ די נאָרע אונ זאָגט: „נו, וואָס קענ מענ מאכנ, לעב, ברודער ווידרע!"—אונ ער גייט קלאפנ דעמ לײַנ. עס האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז אינעמ לײַנ איז סײַ פארנ גאנצנ קאָלווירט, אזוי אויכ פאר לאוורענענ געווענ אסאכ א גרעסערער גלִיק, ווי אינ דער ווידרע. אויסער דעמ האָט מענ טאקע די ווידרע ניט געטאָרט שיסנ—ס'איז געווענ ניט די צײַט פונ געיעג.

די דערציילונג איז אָנגעשריבנ הארציק, ווארעמ. מיט לירישע פארבנ האָט דער שרײַבער געשילדערט די געשטאַלט פונ לאַוורענענ. סאמויליאָנאַק האָט באוויזנ, אז ער וייס גוט די נאטור, די וואלד־כײַע, אירע געוווינהײַטנ. דער שרײַבער פילט שארפ די ראָמאנטיק פונ דעמ יעגער־וועזנ.

פאר סאמויליאָנאָקנ איז כאראקטעריסטיש די קאָמפליצירטקײַט פונ דער פאבולע, די אָנגעזעטיקטקײַט פונ די ווערק מיט האנדלונג, דינאמישקײַט.

די זאמלונגענ „די טאָכטער פונ עסקאדראָנ" אונ „דער נימפעס שטעגעלעכ" שטעלנ קאָמפליצירטע פראָבלעמענ פונ אונדזערווירקלעכקײַט. די פראָבלעמ פונ הומאניזמ ווערט פאנאנדערגעארבעט אינ דער דערציילונג „די גרונט־אידייע". דער קאמפ פונעמ פאָלק קעגנ זײַנע סאָנימ אינ די קאפיטאליסטישע לענדער איז באוויזנ אינ די דערציילונגענ „דער העלד פונ דער נאציע", „די פײַערלעכע גאָטעס־דינסט" א. אנד., די ראָמאנטיק פונ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ אינ די טעג פונ בירגער־קריג—אינ דער דערציילונג „אָנשפאר־פונקט".

אינ אָט די אלע ווערק פילנ מיר דעמ הייסנ אָטעמ פונעמ קאמפ, דעמ גרויסנ האס פונעמ אווטאָר צו די סאָנימ פונעמ ארבעטס־פאָלק, די דרייסטקײַט אינ בויענ דעמ סיוזשעט, די אָנגעזעטיקטקײַט מיט העלע פארבנ. אומעטומ טרעט ארויס פאר אונדז עדוארד סאמויליאָנאַק, ווי אנ אויסגעצייכנטער דערציילער.

אלע אויבנויסגערעכנטע ווערק זײַנענ געווענ פארנ אווטאָר א צוגרייטונג אפ צו אריבערגיינ צו גרויסע עפּישע לײַוונטנ, צו שאפנ א מאָנומענטאל ווערק וועגנ אונדזער ווירקלעכקײַט.

אנ אָנהייב פונ פארווירקלעכנ דעמ דאָזיקנ פּלאנ איז געווענ דער גרויסער ראָמאנ „צוקונפט".

* * *

אינעמ ראָמאנ „צוקונפט" דערציילט אונדז דער שרײַבער וועגנ דעמ רויבערישנ באלעבאטעווענ פונ די מענשעוויקעס איבערנ גרוזינישנ פאָלק אינ 1918 יאָר. סאמויליאָנאַק האָט געשאפנ א ברייט בילד פונעמ פאָלקס־לעבנ, פונעמ פאָלקס־צאר אונ ליידנ, אונ די דאָזיקע בילד דעקט אופ דעמ כײַשנ פארצעפ פונ די גרוזינישע מענשעוויקעס, דערוועקט באמ לייענער א געפיל פונ גרויסער סינע צו זיי.

די אידייע פונ עדוארד סאמויליאָנאָקס ראָמאנ קענ מענ פאָרמולירנ, אלס אידייע וועגנ די מאָראלישע אונ אינטעלעקטועלע פאָרצוגנ פונ די פאָרשטייער פונעמ ארבעטנדיקנ פאָלק איבער די עקספּלואטאטאָרנ. מאָראלישע ריינקײַט, אָרנטלעכקײַט, טרײַהײַט צומ כויוו, דער הויכער געפיל פונ כאווערישער סאָלידאריטעט, פײַנקײַט פונ כאראקטער קוקנ ארויס פונ דער גאנצער אופירונג פונ די העלדנ אינעמ ראָמאנ „צוקונפט". דער פויער קווערקעליא דערמאָרדעט דעמ שטײַערנ־טשינאָווניק פונ דער מענשעווויסטישער רעגירונג דערפאר, ווײַל יענער האָט גראָב אונ נידערטרעכטיק זיכ זדעקעוועט איבער די פויערימ; דער באָלשעוויק דער אונטערערדישער טוער קורידזע זעט צו א קראנק, היימלאָז קינד, וואָס איז איבערגעלאָזנ געוואָרנ אפ דער גאס; דער אלטער טאָפוריא אָפּפערט מיט זײַנ לעבנ—ער גייט פאָשעט אינ די לאפעס צו די קאָנטער־אויסשפירער, קעדיי צו ראטעווענ א פארטיזאנישנ אָטריאד; דער פארעבאָק גוואציא

וואַרפֿט זיך מיט גרויס צאָרן אַף זײַן באַלעבאָס סימאָן גאַמרעקעלי דערפֿאַר, וואָס יענער האָט געוואַגט אָנרירן דעם יאָסעס איליקאָ.

לייענענדיק אָט די אַלע בילדער אין עדוארד סאַמוילאָנאָקס ראָמאַן, פֿילסטו די גרויסע ליבע פֿונעם אַוטאָר צו דעם גלויבן אין די קרעפֿטן, אין דעם טאַלאַנט און העלדנמוט פֿונעם העראָישן גרוזינישן פֿאָלק. פֿעסט גלויבנדיק אין די קוויכעס פֿונעם אַרבעטנדיקן פֿאָלק, באַווײַזט עדוארד סאַמוילאָנאָק זײַנע העלדן אַלס קלוגע, דענקענ־דיקע און פֿילבאַרע מענטשן.

אין ראָמאַן איז פֿאַראַן אַ וווּנדערבאַרע געשטאַלט טאָפּוריאַ. דורך דער דאָזיקער געשטאַלט פֿילן מיר די פּערזענלעכקײַט פֿון עדוארדן אַליין, וועלכער איז געווען אַ העכסט אָרנטלעכער מענטש, האָט ליב געהאַט זײַן פֿאָלק און האָט שטאַרק און צאָרנדיק פֿײַנט געהאַט די סאָנים. אַזאַ איז געווען עדוארד דעם גאַנצן לעבן. דאָס האָט אים געגעבן קויעך צו שאַפֿן פֿאַרביקע, פֿאַרכאַפּנדיקע ווערק וועגן דער ליבע צום אַרבעטנדיקן מענטשן, וועגן דעם האַס צו די סאָנים.

עדוארד איז אין לעבן געווען אַ מענטש זייער אַ באַאָבאַכטונגס־פֿייִקער. קיין איין בוילעטע דעטאַל, קיין איין אָריגינעלע דערשײַנונג פֿון מענטשלעכן כאַראַקטער פֿלעגט ניט דורכגיין פֿאַר אים אומבאַמערקט. זײַנע כאַראַקטעריסטיקעס פֿון די מענטשן זײַנען געווען פּינקטלעכע און שאַרפֿזיניקע, זײַן קענען זען די נאַטור פֿלעגט אַלעמען פֿאַרווונדערן.

אַ גרויסע גאַלעריע פֿון בוילעטע טיפּן און געשטאַלטן האָט עדוארד סאַמוילאָנאָק געשאַפֿן אינעם ווערק „צוקונפֿט", וואָס איז די שטאָלץ פֿון דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור. סײַ טאָפּוריאַ, סײַ מיכאַ מיט דער איינס האַנט, סײַ אַרטיאָם קאָרקיאַ, סײַ קורידזע, סײַ קווערקוועליאַ, סײַ גוואַציאַ,—דאָס זײַנען אַלץ לעבעדיקע כאַראַקטערן, בוילעטע טיפּן.

שטאַרק אינטערעסירט אונדז אינעם ראָמאַן די געשטאַלט פֿונעם אַלטן באָלשעוויק טעאָפֿיל גאַביסאָניאַ, וועלכער האָט געאַרבעט אונטער דער אָנפֿירונג פֿונעם כאַווער סטאַלין צוויי צענדליק יאָר. זײַן באַגעגעניש מיט מיכאַילן, ווען ער דערציילט וועגן דעם, וויאַזוי ער האָט צוזאַמען מיטן כאַווער סטאַלין מיט 17 יאָר צוריק באַגעגנט דעם נײַיאָר און וועגן די נעווייַשע ווערטער, וועלכע דער פֿירער האָט געזאָגט אין יענער נאַכט, דערשיטערן דעם לייענער. די שלאָפֿלאָזע נאַכט, וועלכע די אַלטע כאַווערים האָבן פֿאַרבראַכט, האָט סאַמוילאָנאָק געשילדערט מיט גרויס און אופֿריכטיק געפֿיל, מיט גרויס קראַפֿט.

אינעם בילד פֿון דער באַגעגעניש פֿון גאַביסאָניאַ מיט מיכאַילן האָט עדוארד סאַמוילאָנאָק אויסגעדריקט זײַן גאַנצע גרויסע ליבשאַפֿט צום כאַווער סטאַלין, די גאַנצע סימפּאַטיע צו זײַן פֿײַנער געשטאַלט.

צו די בעסטע געשטאַלטן פֿון עדוארד סאַמוילאָנאָקס ראָמאַן געהערן די קינדער־געשטאַלטן. איליקאָ און וואַנאָ זײַנען אָנגעשריבן מיט טיפֿן פֿאַרשטיין די קינדערשע פּסיכאָלאָגיע, מיטן דורכדרינגען אין דער טיפֿעניש פֿון זייער נעשאָמע. באַזונדערס באַצויבערט אונדז איליקאָ. זײַנע געשפּרעכן מיט סימאָן גאַמרעקעלי און דאָס גע־זעגענען זיך מיט וואַנאָ זײַנען די בעסטע בלעטלעך אין סאַמוילאָנאָקס בוך און, מע קען זאָגן, אין אונדזער גאַנצער ליטעראַטור וועגן קינדער.

דער ראָמאנ „צוקונפט“ איז בלויז דער ערשטער בוכ פונעם גרויסנ ווערק, וועלכנ דער אווטאָר האָט פארטראכט וועגנ דער סאָוועטישער קאָלכידע. דער דאָזיקער בוכ צינדט אָנ דעמ לייענער מיט א געפיל פונ גרויס ליבע צום ברידערלעכנ העראָישנ גרוזינישנ פאָלק, מיט א געפיל פונ האס צו די סאָנים פונ גרוזינישנ פאָלק, צו די מענשעווויסטישע הענדלער מיטנ גורל פונ דער זוניקער גרוזיע.

צום באדויערנ, איז דעמ אווטאָר ניט באשערט געווענ צו שאפנ דעמ צווייטנ באנד פונעם דאָזיקנ ראָמאנ. ער איז געשטאָרבנ, פול מיט גדאנקענ וועגנ זײַנ באליבט קינד, וועגנ דעמ ראָמאנ „צוקונפט“, וועגנ דעמ ווײַטערדיקנ גורל פונ זײַנע געשטאלטנ.

די פיעסע „דער אומקומ פונעם וואָלפ“, וואָס עדוארד סאמויליאָנאָק האָט ניט לאנג אָנגעשריבנ, איז אנ אויסגעצייכנט ווערק פונ דער סאָוועטישער ליטעראטור. די דאָזיקע פיעסע איז זייער ווארעמ אופגענומענ געוואָרנ דורכ דער טעאטראלער געזעלשאפטלעכקײַט פונ מאָסקווע, זי וועט ארײַנ אינעמ רעפערטואר פונ די בעסטע טעאטערנ פונ סאָוועטנפארבאנד.

די פיעסע באווײַזט מיט גרויס עמעסדיקײַט אונ הארציקײַט א הײַנטצײַטיקנ ווײַסרוסישנ בײַגרענעצדיקנ קאָלווירט. צויבערנדיקע, עטוואָס מיט לײַכטנ הומאָר באזוימטע פארבנ האָט אָנגעווענדעט דער אווטאָר אפ צו שילדערנ די פאָזיטיווע מענטשנ פונ קאָלווירט.

מיראָנ, יאזעפ, דער פישער אניסימ—אָט די אלע פאָזיטיווע העלדנ פונ הײַנטצײַטיקנ דאָרפ שטעלנ זיכ ניט פאָר קיינ אנדער לעבנ אויסערנ קאָלווירט. די סאָנימ פונ פאָלק זײַנענ זייערע פערזענלעכע ערגסטע סאָנימ.

מיט וואָס פארא קינסטלערישער קראפט דער אווטאָר האָט באוויזנ אינעמ פראָסטפאָלקישנ אויפנ פונ יאזעפס ריידנ „וואָס איז אזוינס א סוינע“!

באזונדערס בוילעט האָט זיכ דער הומאָר פונ עד. סאמויליאָנאָק ארויסגעוויזנ אינ דער געשטאלט פונעמ פישער אניסימ, וועלכער האָט ליידנשאפטלעכ געוואָלט „ארײַנעמענ א סאָמ“ פארנ קאָלווירטישנ אָוונט אונ, סאָפקאָלסאָפ, האָט ער אימ טאקע „ארײַנגענומענ“. בא עד. סאמויליאָנאָק איז די דאָזיקע געשטאלט געשילדערט סקולפטוריש רעליעפ. אָט האָט איר פאר זיכ דעמ הויכנ, ביינערדיקנ מענטשנ, וואָס אינ די אויערנ איז בא אימ שטענדיק פול וואסער, דעריבער רעדט ער אומנאטירלעכ הויכ.

א כאראקטער, וואָס ווערט געשילדערט מיט אזוינע פארבנ, גיט גרויסע מעגלעכקײַטנ דעמ אווטאָר. מיט שטארקע, דרייסטע פארבנ האָט עדוארד אויסגעמאָלט די געשטאלטנ פונ די סאָנימ כארקעוויטש, אבאבורקא. דאָס איז ניט קיינ קאריקאטורישער אונ שארזשירטער סוינע. דאָס איז א סוינע, וועלכער רופט בא אונדז ארויס גרויס האס. סאמויליאָנאָקס פיעסע באוואָפנט אונדז צומ קאמפ קעגנ דעמ דאָזיקנ סוינע.

מע דארפ זאָגנ, אז דער דראמאטורגישער טאלאנט פונ עד. סאמויליאָנאָק איז געווענ זייער א באדײַטנדיקער. סײַ די פיעסע „סערזשאנט דראָב“, סײַ אונ באזונדערס „דער אומקומ פונעם וואָלפ“ גיבנ אונדז צוזאמענ מיט דער סיוזשעטישער אָנגעשטרענגטקײַט, מיט דער אָנגעזעטיקטקײַט מיט אינערלעכער דראמאטישער

האנדלונג—פיל בוילעט־געשילדערטע מענטשלעכע כאראקטערן. אָט פארוואָס אונדזערע טעאטערן האָבן אזוי גערן געארבעט מיט עדוארד סאמוילִיאָנאָקן און פלעגן באַ־גײַסטערט ווערן פון זײַנע דראמאטורגישע ווערק.

ס'וועט דורכגיין ניט קיין סאך צײַט. אין די טעאטערן וועט א בליץ טאָן די שײַן פון דער ראמפע, און די העלדן פון דער פיעסע „דער אומקום פונעם וואָלף", וועלכע ער. סאמוילִיאָנאָק האָט מיט זײַן אויסגעצייכנטער שילדערונג ארויסגערופן צום לעבן, וועלן ארויסגיין אף דער בינע. מיר וועלן זיי זען. אָבער עס וועט זיי שוין ניט קענען דערזען דער אף אייביק אײַנגעשלאָפענער אווטאָר.

* * *

דאָס סאָוועטישע פאָלק, די פארטיי און רעגירונג האָבן הויך אָפגעשאַצט די פארדינסטן פון עדוארד ליודוויגאָוויטש סאמוילִיאָנאָק אין דער אנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער ליטעראטור און האָבן אים באלוינט מיט אן אָרדען פון דער רויטער ארבעט־פאָן.

וואָס פארא פרייד עס איז געווען פאר דער גאנצער ווײַסרוסישער סאָוועטישער ליטעראטור, פארן גאנצן ווײַסרוסישן פאָלק.

דער נאָמען עדוארד סאמוילִיאָנאָק איז געוואָרן איינער פון די סאמע פאָפולערע נעמען בא דער פילמיליאָניקער לייענער־מאסע.

ער איז געווען אן עמעסער העלד אין דער ליטעראטור, וועלכער האָט געשאפן זעלבסטאָפּפערדיק, ניט רעכענענדיק זיך מיט זײַן געזונט.

דער פאַרטיי פון לענין־סטאלין האָט דער ניט־פארטייִישער באָלשעוויק עדוארד אָפגעגעבן זײַן גאנצן פלאקערנדיקן לעבן.

און אָט איז עדוארד טויט. ער ליגט א שווײַגנדיקער און אומבאוועגלעכער.

איבער זײַן פרישן קייווער וועלן מיר אוועקשטעלן א דענקמאָל. אָבער. אן אייביקער, דער בעסטער דענקמאָל וועט פאר אים אויסגעבויט ווערן אין אונדזערע הערצער. דאָס ווײַסרוסישע פאָלק וועט קיינמאָל ניט פארגעסן דעם אויסגעצייכנטן שרײַבער עדוארד סאמוילִיאָנאָק.

א. קוטשער.

מ. בעלענקי

# דער דיִאלעקטישער מאטעריִאליזם— די פילאָסאָפיע פון דער לעניניש־ סטאלינישער פארטיי

דער „קורצער קורס געשיכטע פון דער אלקפ(ב)" שטעלט מיט זיך פאָר א ווערק, וואָס פארנעמט זייער א באדייַטיקן אָרט צווישן די בעסטע מארקסיסטישע ווערק, וואָס זייַנען געשאפן געוואָרן דורך די גרעסטע דענקער פון דער מענטשהייַט—מארקסן, ענגעלסן, לענינען און סטאלינען. אין דער דאָזיקער ארבעט פונעם צענטראלן קאָמיטעט פון אונדזער פארטיי פארנעמט א באזונדערס וויכטיקן אָרט די פראגן פון דער מארקסיסטיש־לענינישער פילאָסאָפיע. דער דיִאלעקטישער מאטעריִאליזם איז די וועלט־אָנשויונג פונעם ארבעטער־קלאס, פונעם גאנצן סאָוועטישן פאָלק. קלאָר, אז די גרונטיקע כאראקטעריסטיק פונעם דיִאלעקטישן מאטעריִאליזם דארף זייַן באוווּסט און באזיניקט.

די שעפער פונעם דיִאלעקטישן מאטעריִאליזם מארקס און ענגעלס האָבן קריטיש אופגעפאסט די וויסנשאפטן און די פילאָסאָפיע, וואָס ביז זיי האָט באשאפן די פאָרויסגעשריטענע מענטשהייַט, האָבן אפ ס'נייַ פאָרגעזעצט די לערע פון די גרעסטע פילאָסאָפן, פאָליט־עקאָנאָמיסטן און סאָציִאליסטן. זייער לערע האָט זיך פארפעסטיקט און איז פארטיפט געוואָרן אין קאמף קעגן יעדער אנטפלעקונג פון אידעאליזם און רעליגיע. די נייַ־געשאפענע וועלט־אָנשויונג „האָט געגעבן דער מענטשהייַט גרויסע דערקענונגס־געווער, און דעם ארבעטער־קלאס באזונדערס" (לענין, ב. XVI, ז. 351).

די בעסטע נאָכפאָלגער פון מארקסן און ענגעלסן—לענין און סטאלין האָבן אין דער עפּאָכע פון אימפעריאליזם און פראָלעטארישע רעוואָליוציעס, אין דער עפּאָכע פון דער דירעקטער בויונג פונעם סאָציִאליזם ניט נאָר געפירט אן אנטשיידנעם קאמף קעגן יעדן פרווו פאלסיפיצירן דעם מארקסיזם, נאָר האָבן אופגעהויבן דעם מארקסיזם אפ א העכערן ניוואָ, פאָרגעזעצט און אנטוויקלט דעם מארקסיזם, פאר־אלגעמיינערט די געזעלשאפט־פאָליטישע דערפארונג פון דער רעוואָליוציאָנערער בא־

וועגונג פונעם אַרבעטער־קלאַס אין די אָנגעוויזענע עפּאָכעס, האָבן פאַראַלגעמיינערט די נײַע אַנטפּלעקונגען פון דער נאַטורוויסנשאַפט, וועלכע זײַנען דערגרייכט געוואָרן אינעם געשיכטלעכן פעריִאָד, וואָס ליגט צווישן ענגעלסן און לענינען.

דער דיִאַלעקטישער מאַטעריִאַליזם האָט באַקעמפט די מעטאַפיזישע באַגרענעצט־קײַט פון די מאַטעריִאַליסטישע שולן, וואָס האָבן געהערשט ביז אים אין דער פילאָסאָפיע און די באַגרענעצטע מעטאַפיזישקײַט פון דער דיִאַלעקטיק, וואָס האָט ביז אים געהאַט אַן אָרט אין פאַרשיידענע פילאָסאָפישע סיסטעמען. איינע פון די גרעסטע דערגרייכונגען פון דעם דיִאַלעקטישן מאַטעריאַליזם דאַרף מען רעכענען דאָס, וואָס די אויספירן זײַנע האָבן די שפּער פון דער דאָזיקער פילאָסאָפיע פאַרשפּרייט אויף די געזעצן פון דער געזעלשאַפט. ניט נאָר די נאַטור, נאָר אויך די געשיכטע פון דער מענטשהײַט—קורץ, די וועלט האָט געקראָגן צום ערשטן מאָל איר עמעס־וויסנשאַפטלעכע דערקלערונג און אויס־טײַטשונג.

וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דער דיִאַלעקטישער מאַטעריאַליזם?

דער דיִאַלעקטישער מאַטעריאַליזם האָט אויף ס'נײַ דערוויזן, אַז די וועלט, וועלכע איז אָביעקטיוו רעאַל, איז איינהײַטלעך. זי איז „די איינהײַט פון פילפאַרביקײַט". די איינהײַט פון דער וועלט באַשטייט אין איר מאַטעריעלקײַט. די אומענדלעכע צאָל פון ענדלעכע זאַכן, פון קאָנקרעטע, רעאַלע דערשײַנונגען זײַנען פאַרשיידענע פאָר־מען פון דער באַוועגנדיקער און ענדערנדיקער מאַטעריע. מאַטעריע איז דעריבער דאָס, וואָס עקזיסטירט רעאַל, אָביעקטיוו, אויסער אונדז, אומאָפּהענגיק פון אונ־דזערע עמפּפינדונגען און באַגריפן. אין באַצוג צום דענקען איז מאַטעריע די אָב־יעקטיווע רעאַליטעט, וועלכע ווערט געגעבן, פאָטאָגראַפירט, אָפּגעשפּיגלט אין אונ־דזערע כושים, עמפּפינדונגען און באַגריפן.

„די מאַטעריע, דערקלערט לענין, איז דאָס, וואָס, ווירקנדיק אויף אונדזערע כושים, רופט אַרויס עמפּפינדונג; מאַטעריע איז די אָביעקטיווע רעאַליטעט, וועלכע איז אונדז געגעבן געוואָרן אין עמפּפינדונג... די מאַטעריע, די נאַטור, דאָס זײַן, דאָס פיזישע איז דאָס ערשטיקע, און דער גײַסט, דער באַוווסטזײַן, די עמפּפינדונג, דאָס פּסיכישע—דאָס צווייטיקע".

(לענין, ב. XIII. ז. 120—119).

וואָס איז שײַעך די פראַגן פון געשיכטע באַטײַט עס, אַז ניט די גײַסטלעכע פּראָצעסן פון דער מענטשהײַט זײַנען די טרײַב־קרעפטן, זײַנען די פירנדיקע און באַשטימענדיקע אורזאַכן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, נאָר, פאַרקערט, די מאַטעריעלע געזעלשאַפטלעכע פּראָצעסן באַשטימען די דענקענדע (רעליגיע, פי־לאָסאָפיע, וויסנשאַפט, קונסט א. ד. ג.) פּראָצעסן. פּינקטלעכער, די אַנטוויקלונג פון דער מאַטעריִעלער געזעלשאַפטלעכער פּראָדוקציע איז די באַזע פון דער מענטשלע־כער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. „דער געזעלשאַפטלעכער זײַן באַשטימט דעם געזעל־שאַפטלעכן באַוווסטזײַן" (מאַרקס).

מאַטעריע קען ניט באַטראַכט ווערן אָן באַוועגונג. באַוועגונג איז דער איינצי־קער מיטל פאַר דער עקזיסטענץ פון דער מאַטעריע. אַלע דערשײַנונגען האָבן מיר

אָנגעוויזנ זײַנענ פארשיידענע פאָרמענ פונ דער זיכ באוועגנדיקער מאטעריע. איינע פונ די דאָזיקע פאָרמענ איז באוווסטזײַנ. אינ דער אויסגעשפראָכענער פאָרמ איז באוווסטזײַנ אייגנטימלעכ נאָר דעמ מענטשנ. מאטעריע אָנ איר ספעציפישער פאָרמ—מענטשלעכער מארכ און אָנ דעמ פראָדוקט פונעמ מארכ—דענקענ עקזיסטירט און קענ עקזיסטירנ, נאָר דענקענ אָנ מאטעריע (אָנ דעמ מארכ) עקזיסטירט ניט און קענ ניט עקזיסטירנ. באוווסטזײַנ, דענקענ איז אונטערגעוואָרפנ דער מאטעריע. אָבער ווענ באוווסטזײַנ ווערט פאָרמירט און אויסגעפורעמט איז באוווסטזײַנ בעקויעכ אופווירקנ און ענדערנ די קאָנקרעטע פאָרמענ פונ דער אָביעקטיווער מאטעריע. דאנ קענ ענדערנ דער מענטש די מאטעריע, ווענ ער האָט זיכ פראקטיש, געזעלשאפטלעכ געשטעלט קעגנ איר, גענומענ זי צופאסנ צו זיכ און געצווונגענ זי פאָלגנ זײַנ ווילנ. די מאטעריע און דער באוווסטזײַנ זײַנענ ניט קיינ אבסאָליוט קעגנזעצלעכע פאָליוסנ. דער מענטש, ענדערנדיק די נאטור, ענדערט זײַנ נאטור זעלבסט. מארקס פאָרמול—באוווסטזײַנ איז באזיניקטער זײַנ מיינט נאָר זאָגנ, אז די קוואלנ פונ די געזעלשאפטלעכע אידייענ ליגנ אינעמ געזעלשאפטלעכנ זײַנ. אָבער זיי, די אידייענ, וויבאלד זיי פאָרמירנ זיכ אויס ווירקנ זיי אופ אפ דער אנטוויקלונג און ענדערונג פונעמ געזעלשאפטלעכנ באזיס, אפ די פראָדוציר־באציונגענ און פראָדוציר־מיטלענ. ניט אומזיסט לייגט די פארטיי פיל אכט אפ דער ראָל פונ פראָפאגאנדירנ די אידייענ פונ מארקסיזמ־לעניניזמ. „די טעאָריע ווערט א מאטעריעלע קראפט, ווי נאָר זי באהערשט די מאסנ" (מארקס).

אינעמ „קורצנ קורס פונ דער געשיכטע פונ אלקפ(ב)" ווערט בולעט כאראקטעריזירט די באציונג צווישנ דעמ געזעלשאפטלעכנ זײַנ און דעמ געזעלשאפטלעכנ באוווסטזײַנ—„אזוי זײַנענ די געזעלשאפטלעכע אידייענ, טעאָריעס, פאָליטישע אינסטיטוציעס, אנטשטייענדיק אפ דער באזע פונ די פאָרגעשטאנענע אופגאבנ פונ דער אנטוויקלונג פונעמ מאטעריעלנ לעבנ פינ דער געזעלשאפט, פונ דער אנטוויקלונג פונעמ געזעלשאפטלעכנ זײַנ,—ווירקנ אליינ נאָכדעמ אופ אפ דעמ געזעלשאפטלעכנ זײַנ, אפ דעמ מאטעריעלנ לעבנ פונ דער געזעלשאפט, שאפנדיק די באדינגונגענ, וועלכע זײַנענ נייטיק פאר דעמ, קעדיי דערפירנ ביזנ סאָפ די דערלייזונג פונ די פאָרגעשטאנענע אופגאבנ פונדעמ מאטעריעלנ לעבנ פונ דער געזעלשאפט און מאכנ מעגלעכ די ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פונ אימ" (די געשיכטע פונ אלקפ(ב), ק. IV, ז. 112).

אינ די יאָרנ, ווענ אונדזער פארטיי האָט זיכ פאָרמירט און אָרגאניזירט איז לענינענ און סטאלינענ אויסגעקומענ פירנ א קאמפ מיט די, וועלכע האָבנ אָפגעלייקנט די פירנדיקע קראפט פונ דעמ ארבעטער־קלאס אינ דער דאבלטיקער פעאָדאל־בורזשואזער געזעלשאפט. געפירט א קאמפ מיט די, וועלכע האָבנ געפרווט צופאסנ די אינטערעסנ פונ דעמ ארבעטער־קלאס צו די אינטערעסנ פונ דער בורזשואזיע—קורצ מיט די, וועלכע האָבנ אויסגעפילט די ראָל פונ דער בורזשואזער אגענטור אינ דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באוועגונג. אזוי, אינ קאמפ מיט די „עקאָנאָמיסטנ" האָט לענינ אונטערגעשטראָכנ, אז נאָר באוווסטזיניקער, פאָליטישער קאמפ פונעמ ארבעטער־קלאס קענ אימ ברענגענ צומ ענדגילטיקנ זיג. דער סטיכיישער קאמפ פונעמ ארבעטער־קלאס ווײַטער פונ טרעדיוניאָניזמ אינ די באדינגונגענ פונ קאפיטאליזמ קענ ניט גיינ. די ארבעטער־באוועגונג דארפ

זײַנע דורכגעדרונגענע מיט די אידייען פון מאַרקסיזם, האָט לענין געפאָדערט, „אָן דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע קען אויך ניט זײַן קיין רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג״ (לענין), „די אַרבעטער־באַוועגונג דאַרף זיך פאַראייניקן מיט דעם סאָציאַליזם, די פּראַקטישע טעטיקייט דאַרף זיך ענג פאַרבינדן מיט דער טעאָריע און מיט דעם צו־געבן דער סטיכיישער אַרבעטער־באַוועגונג אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישן זין און פּיזי־אָגנאָמיע״ (סטאַלין. ציטירט לויט בעריאַס בוך „צו דער פראַגע וועגן דער געשיכטע פון די באָלשעוויסטישע אָרגאַניזאַציעס אין טראַנסקאַווקאַז״, אויסגאַבע 1938, ז. 48).

פון דעם אַלעמען איז קלאָר, אַז דער באַוווסטזײַן ניט נאָר שפּיגלט אָפּ די וועלט, נאָר אויך ענדערט די וועלט. דער מענטשלעכער דענקען איז אויך ניט פאַרגליווערט, ער ענדערט זיך און בײַט זיך, באַדערבײַ איז וויכטיק פאַרשטיין, אַז די געזעצן פון דער אַנטוויקלונג פונעם דענקען זײַנען ניט אָפּהענגיק פון די געזעצן פון דער אַנטוויקלונג פון דער נאַטור, פון דער מענטשלעכער געשיכטע — פון דער וועלט. די וועלט איז אויסערלעך בענעגייע דעם מענטשלעכן דענקען, פאַר דעם באַוווסטזײַן איז פאַ־ראַן אַ נעץ פון דערשײַנונגען, אין וועלכע דאָס דענקען לאָזט זיך אַראָפּ און וועלכע ער שפּיגלט אָפּ. דערקענען הייסט וויסנשאַפטלעך אָפּשפּיגלען די אויסערלעכע, אָביעקטיווע, רעאַלע וועלט. די אָפּשפּיגלונג איז ניט קיין אומיטלבאַרע. ניט גלײַך, ניט מיטאַמאָל, ניט אינגאַנצן שפּיגלט אָפּ דער מענטש די וועלט. ער שאַפט אַ ריי וויסנשאַפטלעכע בילדער, אָפּשפּיגלענדיק די אָדער יענע מאָמענטן, זײַטן פון דער וועלט און מיט דער הילף פון זיי (פון די בילדער) דרינגט ער אַרײַן אַלץ טיפער און טיפער אין דעם וועזן פון דער וועלט.

„דערקענונג, לערנט לענין, איז די אָפּשפּיגלונג פון דעם מענטשן די נאַטור. נאָר דאָס איז ניט קיין פּאָשעטע, ניט קיין אומיטלבאַרע, ניט קיין גאַנצע אָפּשפּיגלונג, נאָר אַ פּראָצעס פון אַ ריי אַבסטראַקציעס, פאָרמולירונגען, אויסבילדונגען, פון באַגריפן, געזעצן א. א. וו., וועלכע... כאַפּן באַדינגלעך, אומגעפער אויף די אוניווערסאַלע געזעצמעסיקײַט פון דער אייביק זיך באַוועגנדיקער און אַנטוויקלענדיקער נאַטור״ (לענין. פילאָסאָפישע העפטן, ז. 176).

דער מענטש באַציט זיך צו דער וועלט פּראַקטיש, דעריבער נאָר אין דעם פּראָצעס פון דעם געזעלשאַפט־פּראַקטישן קאַמף מיט דער וועלט שפּיגלט ער זי אָפּ, דער־קענט ער זי. אין דער פּראַקטיק ווערט די דערקענונג באַגלייט און באַפליגלט מיט דעם, וואָס דער מענטש ענדערט, שאַפט, אַנטוויקלט קאָנקרעטע מאַטעריעלע דערשײַ־נונגען. אַרויסרופן נײַע נאַטירלעכע און געזעלשאַפטלעכע דערשײַנונגען אין דער ריכטונג, אין וועלכער דער מענטש וויל, באַטײַט, אַז דער מענטש שפּיגלט אָפּ ריכטיק דעם וועזן פון דער וועלט. אַדאַנק דער פּראַקטיק דערקענען מיר די וועלט און אָפּן סמאַך פון דער פּראַקטיק קאָנטראָלירן מיר די ריכטיקײַט, דעם עמעס פון אונדזער דערקענונג. די איינהײַט פון דער דערקענונג מיט דער פּראַקטיק איז דער איינציקער עמעס פון דער דערקענונג.

לענין איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן מ אַ כ ג און זײַנע רוסישע נאָכפאָלגער, קעגן ב אָ ג ד אַ נ אָ וו ן, ב אַ ז אַ ר אָ וו ן א. אנד. וועלכע האָבן אָפּגעלייקנט דעם

אָביעקטיוונ ווערט פונ דעם מענטשלעכנ דענקענ, וועלכע האָבנ זיכ געשטעלט אפ אידעאַליסטישע פּאָזיציעס, פארטיידיקנדיק דעם געדאנק, אז די מענטשלעכע דערקענונג איז סוביעקטיוו, „אז דער עמעס איז די אָרגאַניזירטע פאָרמ פונ דער מענטשלעכער דערפארונג". מיט דער גאנצער שארפקײַט פונ דער וויסנשאפטלעכער, דיאַלעקטישער לאָגיק, דערווײַזט לענינ, אז די דערקענונג פונעמ מענטשנ דעקט אופּ, כאפּט אופ דעמ וועזנ, דעמ מעהוס פונ דער וועלט, אז דער מענטשלעכער וויסנ וועגנ דער געזעצמעסיקײַט פונ דער אָביעקטיווער ווירקלעכקײַט איז די ריכטיקע אָפּשפּיגלונג אירע, אז דער עמעס איז אָביעקטיוו.

די פראגע וועגנ דעמ צי עס עקזיסטירט אנ אָביעקטיווער עמעס, איז די פראגע וועגנ דעמ, צי עס איז פאראנ אזא אינהאלט אינ די פּאָרשטעלונגענ, אינ די באגריפנ — אינעמ באוווסטזײַנ, וועלכער (דער אינהאַלט) עקזיסטירט אויסער דעמ מענטשנס באוווסטזײַנ? דער מארקסיזמ-לענינימ איז אײַנקלאנג מיט דער וויסנשאפט ענטפערט אפ דער דאָזיקער פראגע פּאָזיטיוו: יאָ, אזא אינהאלט איז פאראנ. וויבאלד אויסער דעמ מענטשנ עקזיסטירט א רעאַלע מאטעריעלע וועלט, וויבאלד אונדזערע באגריפנ זײַנענ געשטאלטנ, בילדער פונ דער וועלט, מוזנ מיר אנערקענענ, אז דער אינהאלט, וועלכער אנטהאלט זיכ אינ די באגריפנ, אינ דעמ באוווסטזײַנ עקזיסטירט אויסער דעמ באוווסטזײַנ. מיר באשטייענ אפ דעמ, אז די אָפּשפּיגלונג עקזיסטירט אָפּ אזויפיל, אפ וויפל עס זײַנענ פאראנ אָפּשפּיגלענדיקע זאכנ אונ דערשײַנונגענ. די דערקענונג פונעמ מענטשנ האָט אנ אָביעקטיוונ כאראקטער, ד. ה. אנטהאלט אינ זיכ דעמ אָביעקטיוונ עמעס. די פּאָרשטעלונגענ, באגריפנ, פאָרמולירונגענ אלס פאָרמענ, אינ וועלכע דער מענטש שפּיגלט אָפּ, דערקענט די אָביעקטיווע וועלט, זײַנענ אינהאלטלעכע פאָרמענ, וואָס דריקנ אויס דעמ אינהאלט פונ דער רעאַלער ווירקלעכקײַט.

„די מענטשלעכע באגריפנ זײַנענ סוביעקטיוו אינ זייער אבסטראקטקײַט, אָפּגעריסנקײַט, אָבער אָביעקטיוו אינעמ גאנצנ, אינ פּראָצעס, אינ סאכאקל, אינ דער טענדענצ, אינ דעמ קוואַל". (לענינ. פילאָסאָפישע העפטנ ז. 199).

די באגריפנ כאפּנ אופ די וועלט אזוי ווי זי עקזיסטירט, ד. ה. די וועלט איז אנערקענבאר. הייסט דאָס דענ, אז זי איז שוינ אינגאנצנ אנערקענט? ניינ, דאָס הייסט נאָכ ניט. מיר האָבנ שוינ פריִער אָנגעוויזנ, אז אונדזער דערקענונג איז א פּראָצעס, וועלכער דערנעענטערט זיכ אלצ נעענטער אונ נעענטער צו דער וועלט. די דערקענונג איז רעלאַטיוו אינ יערער געגעבענער היסטאָרישער עפּאָכע אונ איז גלײַכצײַטיק אבסאָליוט אינ דער פּערספּעקטיוו, אינ פּרינציפּ, אינעמ פאקט פונ דער דערקענונג.

„פונעמ שטאנדפּונקט פונ דעמ הײַנטצײַטיקנ מאטעריאַליזמ, ד. ה. פונעמ מארקסיזמ זײַנענ היסטאָריש באדינגלעכ די ג ר ע נ ע צ נ פונ דער דערנעענטערונג פונ אונדזער וויסנ צו דעמ אָביעקטיוונ, אבסאָליוטנ עמעס. נ אָ ר א ו מ ב א ד י נ ג ט עקזיסטירט דער דאָזיקער עמעס, אומבאדינגט איז דאָס, אז מיר דערנעענטערנ זיכ צו אימ".

(לענינ. ב. XIII, ז. 111).

יעדער וויסנ איז היסטאָריש באדינגט, רעלאטיוו, אָבער דאָס איז די היסטאָריש רעלאטיווע דערקענונג פונ דער רעאלער, אָביעקטיווער, אבסאָליוטער וועלט. די דערקענונג איז היסטאָריש באגרענעצט, אָבער די דאָזיקע באגרענעצטקייט פארמינערט ניט דעמ פאקט, אז די וויסנשאפטלעכע דערקענונג דריקט אויס דאָס, וואָס עקזיסטירט אויסער איר, די רעאלע ווירקלעכקייט. דער וועג פונ דער וויסנשאפטלעכער דערקענונג, דורכמאכנדיק א ריי זיגזאגנ איז אינ גרונט א זיגרייכער וועג—דאָס איז די אייביקע, אומענדלעכע דערנעענטערונג, אריינדרינגונג פונ די באגריפנ אינ דעמ וועזנ פונ דער אָביעקטיווער מאטעריע. דער זיגרייכער וועג פונ דער וויסנשאפטלעכער דערקענונג באווייזט ווי פונ א בלינדנ נאָכפאָלגער האָט דער מענטשלעכער באוווסטזיינ, באוואָפנענדיק זיכ מיט א שארפער ריִע, געצוווּנגענ דער ווירקלעכקייט ווערנ פארשטענדלעכ, אנטפלעקבאר.

„דער מענטשלעכער דענקענ לויט דער נאטור זיינער איז פייִק דערלאנגענ אונ דערלאנגט אונדז דעמ אבסאָליוטנ עמעס, וועלכער לייגט זיכ צונויפ פונ א סומע רעלאטיווע עמעסנ". (לענינ. ב. XIII, ז. 110).

די דערלייזונג פונ דער פראגע וועגנ דער אָביעקטיווקייט פונ דער דערקענונג, פונ דעמ עמעס האָט ביז גאָר א וויכטיקנ באטייט באזונדערס אינ דער וויסנשאפט, וועלכע דערלערנט די געזעצנ פונ דער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג. דער קורצער קורס פונ דער געשיכטע פונ אלקפ(ב) מאכט די געזעצלעכע אויספירנ:

„אויב די וועלט איז אנערקענבאר אונ אונדזער וויסנ וועגנ די געזעצנ פונ דער נאטור איז ריכטיקער וויסנ, האָבנדיק דעמ באטייט פונ אנ אָביעקטיוונ עמעס, איז פונ דעמ געדרונגענ, אז דער געזעלשאפטלעכער לעבנ, די אנטוויקלונג פונ דער געזעלשאפט—איז אויכ אנערקענבאר, אונ די אויספירנ פונ דער וויסנשאפט וועגנ די געזעצנ פונ דער אנטוויקלונג פונ דער געזעלשאפט,—זיינענ ריכטיקע אויספירנ, וועלכע האָבנ דעמ באטייט פונ אָביעקטיווע עמעסנ.

הייסט עס, די וויסנשאפט וועגנ דער געשיכטע פונ דער געזעלשאפט, ניט קוקנדיק אפ דער גאנצער קאָמפליצירטקייט פונ די דערשיינונגענ פונ דעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ, קענ אויכ ווערנ אזא פינקטלעכע וויסנשאפט, ווי, לאָמיר זאָגנ, ביאָלאָגיע, אזא וויסנשאפט, וועלכע איז פייִק אויסנוצנ די געזעצנ פונ דער אנטוויקלונג פונ דער געזעלשאפט פאר פראקטישע מאָסמיטלענ.

הייסט עס, אינ איר פראקטישער טעטיקייט דארפ די פארטיי פונעמ פראָלעטאריאט זיכ אָנפירנ ניט מיט וועלכע ס'ניט איז צופעליקע מאָטיוונ, נאָר מיט די געזעצנ פונ דער אנטוויקלונג פונ דער געזעלשאפט, מיט די פראקטישע אויספירנ פונ די דאָזיקע געזעצנ".

(די געשיכטע פונ אלקפ(ב), ק. IV ז. 109).

די גרונט-כאראקטעריסטיק פונעמ דיאלעקטישנ מאטעריאליזמ אלס מאטעריאליזמ באשטייט אינ דעמ, וואָס די פילאָסאָפיע לערנט, אז מאטעריע, אז מאטעריעלע

פראַצעסן ליגן אין טאָכ פונ דער גאנצער וועלט, אז די וועלט איז אנערקענבאר און אז די וויסנשאפטלעכע באזיניקונג פונ דער אויסערלעכער וועלט אינ דער דערקענונג ווירקט אופ צוריק אפ דער אנטוויקלונג פונ דער וועלט.

מיט וואָס כאראקטעריזירט זיכ דער דיַאלעקטישער מאטעריַאליזמ אלס דיַאלעקטישער, אַדער אנדערש, וואָס שטעלט מיט זיכ פאָר די דיַאלעקטיק?

די מארקסיסטישע פילאָסאָפיע איז מאטעריאליזמ ווי א טעאָריע, ד. ה. די וועלט ווערט אינ דער דאָזיקער פילאָסאָפיע מאטעריַאליסטיש באטראכט און אויסגעטײַטשט, די מארקסיסטישע פילאָסאָפיע איז דיַאלעקטיש לויט דעמ מעטאָד, ד. ה. דער צוגאנג צו דער באטראכטונג פונ דער וועלט איז דיַאלעקטיש. אינ דער געשיכטע פונעמ מענטשלעכנ דענקענ קענ מענ איַינזענ צוויי מעטאָדנ פונ דערלערנענ די וועלט—דעמ מעטאפיזישנ און דיַאלעקטישנ. די אלט־גריכישע פילאָסאָפנ, וועלכע האָבנ זיכ געפרווט באנעמענ די וועלט אלס גאנצע, האָבנ פאר זיכ גענזענ א בילד פונ אומענדלעכע פארבינדונגענ און קעגנזײַטלעכע ווירקונגענ, ווו אלצ באוועגט זיכ און ענדערט זיכ. אָט דער דאָזיקער אינ גרונט ריכטיקער שטאנדפונקט האָט בוילעט פאָרמולירט העראקליט: אלצ עקזיסטירט און גלײַכצײַטיק עקזיסטירט ניט, אלצ פליסט, אלצ ענדערט זיכ. דאָ איז שוינ איַנצוזענ די נאַיווע דיַאלעקטיק. די אלט־גריכישע נאַיווע דיַאלעקטיק אלס מעטאָד איז געווענ ניט קיינ גענוגנדיקע און אויסשעפנדיקע, ווײַל די באזונדערהײַטנ, אײנצלהײַטנ, אָנ וועלכע עס איז ניט קלאָר די גאנצע בילד פונ דער וועלט איז בא דעמ דאָזיקנ מעטאָד ארויסגעפאלנ. ערשט שפעטער, ווענ די וויסנשאפטנ האָבנ זיכ אנטוויקלט קומט די נייטיקע דערגאנצונג — באטראכטנ באזונדערע, פריוואטע דערשײַנונגענ. די באטראכטונג פונ באזונדערע דערשײַנונגענ האָט געפאָדערט ארויסרײַסנ זיי פונ זייערע נאטירלעכע פארבינדונגענ, באדינגונגענ. דעריבער, ניט קוקנדיק אפ דעמ, וואָס דאָס איז געווענ א שריט פאָרויס, האָט דאָכ דער דאָזיקער מיטל זייער אפ א לאנגער צײַט געהאלטנ דעמ מענטשלעכנ געדאנק אינעמ קלעמ פונ מעטאפיזיק.

„נאָר דער דאָזיקער מיטל פונ דערלערנענ האָט בא אונדז פארהיט די געוווינהײַט נעמענ געגנשטאנדנ און דערשײַנונגענ פונ דער נאטור אינ זייער אָפגעזונדערטקײַט, אויסער זייער גרויסער אלגעמיינער פארבינדונג".
(מארקס און ענגעלס, ב. XIV, ז. 21).

ניט קוקנדיק אפ דעמ, וואָס אינ דער רענעסאנס־עפּאָכע און אויכ אינ די שפעטערדיקע צײַטנ האָבנ מיר געהאט איינצלנע גלענצנדע פאָרשטייער פונ דער דיַאלעקטיק, דאָכ האָט זיכ קיינעמ ניט אײַנגעגעבנ שארפ און ענדגילטיק אופרײַסנ דעמ מעטאפיזישנ מעטאָד אזוי, ווי דאָס האָבנ אָפגעטאָנ מארקס און ענגעלס. עמעס, ביז זיי האָט נאָר העגעל געפרווט אויסבויענ א פארגאנצטע דיַאלעקטישע סיסטעמ, נאָר די דאָזיקע סיסטעמ, טאקע דערפאר, וואָס זי האָט געזאָלט זײַנ אנ אידעאליסטיש פארגאנצטע, אנ איינ מאָל פאר אלעמאָל געגעבענע, האָט שטארק געליטנ אפ דעמ, קעגנ וואָס העגעל האָט געווענדעט זײַנ לאָגיק. נאָר העגעלס פארדינסטנ באשטייענ אינ דעמ, וואָס דאָכ איז ער ארויסגעטראָטנ קעגנ מעטאפיזיק, דערווײַזנדיק, אז אלע דערשײַנונגענ—גײַסטלעכע, פיזישע און געזעלשאפטלעכע געפינענ זיכ אינ אנטוויקלונג,

פרווונדיק אויסגעפינענ די אינערלעכע פארבינדונג פונ דער דאָזיקער אנטוויקלונג. מארקס אונ ענגעלס, פאָרמולירנדיק, וואָס פארשטייענ זיי אונטער דיַאלעקטיק, האָבנ זיכ אָפט געשטיצט אפ העגעלנ. אָבער דאָס באטײַט ניט, אז מארקס דיַאלעקטיק איז אידענטיש העגעלס דיַאלעקטיק. פארקערט, מארקס דיַאלעקטיק איז קעגנזעצלעכ העגעלס דיַאלעקטיק. העגעל איז ארויסגעגאנגענ פונ דעם, אז די דיַאלעקטיק פונ די אידייענ שאפנ די דיַאלעקטיק פונ זאכנ, זײַנ דיַאלעקטיק איז דורכגעדרונגענ מיט דער אידעאליסטישער אויסטײַטשונג פונ דער וועלט, לויט מארקסנ שאפט די דיַאלעקטיק פונ זאכנ, דערשײַנונגענ די דיַאלעקטיק פונ די אידייענ. מארקס אונ ענגעלס האָבנ גאָר פארהיט דעם „ראציָאָנעלנ קערנ" פונ העגעלס דיַאלעקטיק אונ האָבנ עס ווײַטער אנטוויקלט.

„מארקס אונ איכ, שרײַבט ענגעלס, זײַנענ געווענ די איינציקע, וועלכע האָבנ פונ דער דײַטשישער אידעאליסטישער פילאָסאָפיע געראטעוועט די באַ-ווּסטזיניקע דיַאלעקטיק, איבערטראָגנדיק זי אינ דער מאטעריַאליסטישער באטראכטונג פונ דער נאטור אינ דער געשיכטע".

(מארקס אונ ענגעלס. ב. XIV, ז. 8).

דער דיַאלעקטישער מעטאָד אינ קעגנזאצ צומ מעטאפיזישנ כאראקטעריזירט זיכ מיט דעם, וואָס זאכנ, דערשײַנונגענ ווערנ באטראכט ניט אָפגעריסנ איינע פונ דער צווייטער, ניט אינ זייער אָפגעזונדערטקײַט, נאָר אינ זייער רעאלער, אָביעקטיווער, מאטעריַעלער פארבינדונג, אינ זייער איבערגאנג פונ איינער אינ דער צווייטער. לויט דער דיַאלעקטיק איז איינע פונ די גרונט אייגנשאפטנ פונ זאכנ אונ דערשײַנונגענ—באַציִונג. א זאכ, וויבאלד זי עקזיסטירט, עקזיסטירט זי גלײַכצײַטיק פאר זיכ אונ אויכ „פאר א צווייטער". ריכטיק באנעמענ זאכנ, הייסט באנעמענ זיי אינ זייער רעאלער ארומרינגלונג, אינ זייערע נאטירלעכע באדינגונגענ.

דער דיַאלעקטישער מעטאָד אינ קעגנזאצ צומ מעטאפיזישנ באטראכט דערשײַנונגענ ניט אינ אייביקנ רו־צושטאנד, ניט אינ זייער פארגליווערטקײַט, אומבאוועגלעכקײַט, נאָר, פארקערט, אינ זייער שטענדיקער באוועגונג, ענדערונג. לויט דער דיַאלעקטיק איז קיינ שטאנדהאפטיקס אינ אבסאָליוטנ זינ פונ וואָרט ניט פאראנ. אלצ ענדערט זיכ, אלצ בײַט זיכ. די דיַאלעקטיק זעט אײַנ אינ זאכנ, דערשײַנונגענ ניט נאָר דאָס, וואָס איז אינ דעם איצטיקנ מאָמענט פאראנ, נאָר דאָס וווהינ אונ ווי אזוי די זאכנ, דערשײַנונגענ אנטוויקלענ זיכ, אינ וועלכער ריכטונג ענדערנ זיי זיכ.

פאר דער דיַאלעקטיק איז וויכטיק דאָס נײַע, דאָס, וואָס קומט אופ, אנטשטייט, כאָטש דאָס איז נאָכ עפשער ניט שטאנדהאפטיק אינ דעם געגעבענעמ מאָמענט. אלצ געפינט זיכ אינ אומופהערלעכער באוועגונג אונ אנטוויקלונג.

„הייסט עס, אז די קאפיטאליסטישע אָרדענונג קענ מענ פארבײַטנ מיט דער סאָציַאליסטישער אָרדענונג, פונקט אזוי, ווי די קאפיטאליסטישע אָרדענונג האָט אינ איר צײַט פארביטנ די פעאָדאלע אָרדענונג".

הייסט עס, מע דארפ זיכ אָריענטירנ ניט אפ די שיכטנ פונ דער געזעלשאפט, וואָס אנטוויקלענ זיכ ניט מער, כאָטש זיי שטעלנ מיט זיכ נאָכ פאָר אנ איבערוועגנדיקע קראפט, נאָר אפ די שיכטנ, וועלכע אנטוויקלענ זיכ, האָבנ א צוקונפט, כאָטש זיי שטעלנ מיט זיכ נאָכ ניט פאָר אינ דעם איצטיקנ מאָמענט די איבערוועגנדיקע קראפט". (די געשיכטע פונ אלקפ(ב), ק. IV, ז. 105).

לענינ האָט נאָכ דעם צווייטנ צוזאמענפאָר פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראטישער פארטיי אינ זײַנ ארבעט „איינ טראָט פאָרויס, צוויי טראָט צוריק" צעשמעטערט די מענשעוויסטישע אָרגאניזאציאָנעלע פרינציפנ פונ דער פארטיי־בויונג אונ האָט אינ איינעמ פונ זײַנע אויספירנ געגעבנ די געניאַלע פאָרמולירונג פונ דעמ צוקונפטיקנ ענטגילטיקנ זיג פונעמ באָלשעוויזמ. באנעמענדיק דיאַלעקטיש, אז נאָר דאָס לעבעדיקע, זאָל עס אפילע ערשט אנטשטיינ, האָט צוקונפט.

„א טראָט פאָרויס, צוויי טריט צוריק... דאָס פאסירט אי אינעמ לעבנ פונ אינדיווידוומענ, אי אינ דער געשיכטע פונ נאציעס, אי אינ דער אנטוויקלונג פונ פארטייענ, עס וואָלט געווענ א פארברעכערישע קליינמוטיקײַט כאָטש אפ איינ מינוט צו צווייפלענ אינ דעמ אומפארמײַדלעכנ, פולנ טריומפ פונ די פרינציפנ פונ דער רעוואָליוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, פונ פראָלעטארישער אָרגאניזאציע אונ פארטייִשער דיסציפלינ". (לענינ. ב. VI, ז. 328).

דער דיאַלעקטישער מעטאָד איז קעגנזאצ צומ מעטאפיזישנ באטראכט אנטוויקלונג ניט ווי פארגרעסערונג אונ פארקלענערונג, ניט ווי איבערכאזערונג, נאָר ווי באוועגונג אונ אנטוויקלונג, וועלכע איז לויט דעמ מעהוס אירנ שפרונגארטיק, רעוואָליוציאָנער. זאכנ, דערשײַנונגענ עקזיסטירנ בלויז ווי קאָנקרעטע, באשטימטע, ענדלעכע. די באשטימטקײַט פונ א זאכ, דערשײַנונג איז איר קוואליטעט. דאָס, וואָס באשטימט א זאכ, א דערשײַנונג אלס די זאכ, די דערשײַנונג, אלס אזא; דאָס, אָנ וואָס א זאכ, א דערשײַנונג קענ ניט עקזיסטירנ אלס די זאכ, אלס די דערשײַנונג, אלס אזא; דאָס, וואָס טיילט אויס א זאכ, א דערשײַנונג פונ אלע איבעריקע זאכנ, דערשײַנונגענ—הייסט קוואליטעט. קוואליטעט באטײַט ענדלעכקײַט. קוואליטעט אלס באשטימטקײַט אונ ענדלעכקײַט איז גלײַכצײַטיק דער גרענעצ פונ א זאכ, פונ א דערשײַנונג. קוואליטעט איז שטענדיק קוואנטיטאטיוו. א זאכ, א דערשײַנונג איז די איינהײַט פונ קוואליטעט אונ קוואנטיטעט. אויב קוואליטעט איז די ענדלעכקײַט פונ א זאכ, האָט, פארקערט, קוואנטיטעט די נעטיִע צו אומענדלעכקײַט, דאָס איז „דאָס גלײַכגילטיקע" אינ א זאכ, אינ א דערשײַנונג. מיר האָבנ שוינ אָנגעוויזנ אפ דעמ, אז יעדער באשטימונג איז באגרענעצונג. דער גרענעצ פונ א זאכ, פונ א דערשײַנונג איז ווידערשפרעכיק. פונ איינ זײַט איז דער גרענעצ דער אויסדרוק פונ דער רעאלקײַט, פונ דער באשטימטקײַט פונ א זאכ, פונ א דערשײַנונג, פונ דער אנדער זײַט, איז דער גרענעצ דער אויסדרוק פונ דער נעגאציע (אָפלייקענונג) פונ א זאכ, פונ א דערשײַנונג. די אָפלייקונג, די נעגאציע פונ א זאכ, אָדער דערשײַנונג ווערט אויסגעבילדעט אדאנק דער שטרעבונג פונ דער קוואנטי־

טעס צו אומענדלעכקײַט, גלײַכגילטיקײַט, ווײַל די דאָזיקע שטרעבונג פונ דער קוואנטיטעט איז, אזוי צו זאָגנ, ניט מאָסלאָז. דאנ, ווענ אינ א באשטימטער זאכ אָדער דערשײַנונג כאפנ די קוואנטיטאטיווע ענדערונגענ איבער די מאָס, רירנ אָנ דעם קוואליטאטיוונ גרענעצ, דאנ ווערט שפרונגארטיק אָפגעלײקנט די אנטשפרעכיקע קוואליטעט. אָדער אנדערש, אָנגעזאמלטע קוואנטיטאטיווע ענדערונגענ אינ א זאכ אָדער דערשײַנונג גייענ אפ א געוויסער שטופע פלוצלונג איבער אינ קוואליטעט. דער דאָזיקער שפרונגארטיקער איבערגאנג פונ קוואנטיטאטיווע אָנזאמלונגענ אינ קוואליטעט בילדעט א ספעציפיש נײַע זאכ, דערשײַנונג, וועלכע אינעם פראָצעס פונ איר ווײַטערדיקער אנטוויקלונג זאמלט אָנ נײַע קוואנטיטאטיווע ענדערונגענ ניט אייגנטימלעכע דער פריִערדיקער זאכ, דערשײַנונג.

„אויב דער איבערגאנג פונ לאנגזאמע קוואנטיטאטיווע ענדערונגענ אינ גיכע און פלוצלינגדיקע קוואליטאטיווע ענדערונגענ שטעלט מיט זיכ פאָר א געזעצ פונ אנטוויקלונג איז קלאָר, אז די רעוואָליוציאָנערע איבערקערענישנ, וועלכע ווערנ געמאכט דורכ די אונטערגעדריקטע קלאסנ שטעלנ מיט זיכ פאָר אנ אבסאָליוט נאטירלעכע און אומפארמײַדלעכע דערשײַנונג".
(די געשיכטע פונ אלקפ(ב), ק. IV, ז. 105).

דער כאווער סטאלינ האָט ניט צופעליק אינ דער סטאכאנאָוו־באוועגונג גלײַכ דערזענ איר רעוואָליוציאָנערע זײַט, ווײַל די דאָזיקע באוועגונג שטעלט מיט זיכ פאָר א נײַע קוואליטעט פונ דער סאָציאליסטישער פארמעסטונג. די נײַע קוואליטעט באשטייט אינ דעם, „וואָס זי (די סטאכאנאָוו־באוועגונג, מ. ב.) גרייט צו די באדינגונגענ פאר דעם איבערגאנג פונעם סאָציאליזם אינ קאָמוניזם" (סטאלינ). די סטאכאנאָוו־באוועגונג איז א טיפ־רעוואָליוציאָנערע באוועגונג, וועלכע ברעכט די אלטע טעכנישע נאָרמענ, די אלטע פלענער, „זי איז בארופנ צו מאכנ אינ אונדזער אינדוסטריע א רעוואָליוציע. טאקע דערפאר איז זי, די סטאכאנאָוו־באוועגונג, אינ איר גרונט טיפ רעוואָליוציאָנער" (סטאלינ). די קוואליטעט פונ דער סטאכאנאָוו־באוועגונג באשטייט נאָכ אינ דעם, וואָס די דאָזיקע באוועגונג גיט די מעגלעכקײַט פארניכטנ דעם קעגנזאצ צווישנ אינטעלעקטועלער און פיזישער ארבעט. „זי עפנט אונדז דעם וועג, וואָס בלויז אפ אים קענ מענ זיכ דערשלאָגנ די העכסטע צײַגער פונ דער ארבעט־פראָדוקטיווקײַט, וועלכע זײַנענ נויטיק פארנ איבערגאנג פונעם סאָציאליזם צום קאָמוניזם און פאר דער פארניכטונג פונעם קעגנזאצ צווישנ דער אינטעלעקטועלער ארבעט און פיזישער ארבעט" (סטאלינ).

דער דיִאלעקטישער מעטאָד אינ קעגנזאצ צום מעטאפיזישנ ניט נאָר אנערקענט באוועגונג אלס אויפנ פונ דער עקזיסטענצ פונ דער מאטעריע, נאָר גיט אנ אויסשעפנדיקנ און איינציק ריכטיקנ ענטפער אפ דער פראגע — וואָס איז אזוינס באוועגונג, אנטוויקלונג און וווּ ליגנ די קוואלנ פונ דער באוועגונג, אנטוויקלונג. אונטער באוועגונג פארשטייט די דיִאלעקטיק ענדערונג ביכלאל. און א זאכ, און א דערשײַנונג ענדערט זיכ דערפאר, ווײַל אינ זיכ זעלבסט פארמאָגט זי קעגנזעצלעכע טענדענצנ, וועלכע דרינגענ דורכ איינער דעם צווייטנ, שליסנ אויס איינער דעם צווייטנ, ד. ה. קעמפנ צווישנ זיכ און אָט דער דאָזיקער קאמפ פונ די קעגנזאצנ שאפט די

ענדערונג, די באוועגונג, די אנטוויקלונג פון א זאך, פון א דערשײַנונג. באוועגונג פארשטייט די דיאַלעקטיק אלס זעלבסט־באוועגונג, אנטוויקלונג—אלס זעלבסט־אנטוויקלונג. יעדער זאך אָדער דערשײַנונג איז איינהײַטלעכ און קעגנזעצלעכ אינ זיכ זעלבסט; יעדער זאך אָדער דערשײַנונג איז אנ איינהײַט פון קעגנזאצנ, איז ווידערשפרעכיק. דער איינהײַט פון קעגנזאצנ, לערנט לענינ, איז צײַטווײַליק רעלאַטיוו, דער קאמפ פון די קעגנזאצנ איז אבסאָליוט, ווי אבסאָליוט איז באוועגונג, ענדערונג, אנטוויקלונג. אויסער דעם, איז דער ווידערשפרוכ, די איינהײַט פון קעגנזאצנ אינ זיכ זעלבסט פארשיידנ, די קעגנזעצלעכע טענדענצנ זײַנענ פארשיידנ. אינ זאכנ, דערשײַנונגענ איז אָפּצומערקנ פּאָזיטיווע און נעגאטיווע קעגנזאצנ, דאָס אָפּשטארבנדיקע און דאָס לעבעדיקע, דאָס אָפּגייענדיקע און דאָס אפ ס'ניי אויפקומענדיקע. די קעגנזאצנ, לערנט מארקס, וועלכע האלטנ אופ די איינהײַט, דעם ווידערשפרוכ, וועלכע פארהיטנ/די עקזיסטירנדיקע זאכ, דערשײַנונג, הייסנ די פּאָזיטיווע קעגנזאצנ. זיי, די פּאָזיטיווע קעגנזאצנ, זײַנענ קאָנסערוואטיוו, ווײַל זיי פארהאלטנ די אנטוויקלונג, ווײַל זיי האלטנ זיכ בא דעם, וואָס קומט אום, וואָס שטארבט אָפּ. די קעגנזאצנ, וועלכע פירנ און ברענגענ די איינהײַט, דעם ווידערשפרוכ צו דער אָפּלייקענונג, די נעגאציע, פון וועלכע טאט איז געווענדעט אפ ווײַטערדיקער פּאָרויסיקער אנטוויקלונג, הייסנ די נעגאטיווע קעגנזאצנ. זיי, די נעגאטיווע קעגנזאצנ, זײַנענ רעוואָליוציאָנער, ווײַל זיי שטויסנ פּאָרויס, ווײַל זיי אנטוויקלענ דאָס נײַע, דאָס, וואָס אנטשטייט, דאָס, וואָס קומט אופ.

"דער פּראָלעטאריאט און דאָס רײַכטום, דערקלערט מארקס, זײַנענ קעגנזאצנ, אלס אזעלכע בילדנ זיי איינ גאנצע. זיי ביידע זײַנענ פאָרמענ פונ דער עקזיסטענצ פונ דעם פּריוואטנ אייגנטום. די זאכ איז נאָר אינ דער באַשטימטער לאגע, וועלכנ עס פארנעמט אינעם גאנצנ יעדערער פונ די דאָזיקע צוויי עלעמענטנ פונעם ווידערשפרוכ. עס איז ניט גענוג דערקלערנ זיי פאר צוויי זײַטנ פונעם גאנצנ:

פּריוואט אייגנטום אלס פּריוואט אייגנטום, אלס רײַכטום, איז געצוווּנגענ אופהיטנ זײַנ אייגענע עקזיסטעצ, און דעריבער אויכ די עקזיסטענצ פונ זײַנ קעגנזאצ—פונעם פּראָלעטאריאט. דאָס איז די פּאָזיטיווע זײַט פונ דעם ווידערשפרוכ.

פארקערט, דער פּראָלעטאריאט אלס פּראָלעטאריאט איז געצווּנגענ אָפּלייקענענ זיכ זעלבסט און אזוי ארום דעם קעגנזאצ, וועלכער באדינגט אים און מאכט אים פאר דעם פּראָלעטאריאט—דעם פּריוואטנ אייגנטום. דאָס איז די נעגאטיווע זײַט פונעם ווידערשפרוכ, זײַנ אומרויִקײַט אינ זיכ זעלבסט, דער אָפּגעשאפענער און אָפּשאפנדיקער פּריוואטער אייגנטום... אינ די גרענעצנ פונ דעם ווידערשפרוכ אליינ שטעלט מיט זיכ דאָס פּריוואט אייגנטום פאָר די קאָנסערוואטיווע זײַט, דער פּראָלעטאריאט — די צעשטערנדיקע. פונ דעם ערשטנ דרינגט ארויס טאט, וועלכער איז געווענדעט אפ אופהיטנ דעם ווידערשפרוכ, פונ דעם צווייטנ—טאט, וועלכער איז געווענדעט אפ פארניכטנ אים". (מארקס און ענגעלס, ב. III, ז, 55־54).

דער אינהאַלט פונ אנטוויקלונג געפינט זיכ נאָר אינ די אינערלעכע ווידערשפּרוכנ, בא דערביַ זיַנענ זיי אָדער אנטאַגאָניסטיש, אָדער ניט אנטאַגאָניסטיש. די ווידערשפּרוכנ צווישנ דער בורזשואַזיע אונ דעמ פּראָלעטאַריאַט זיַנענ אנטאַגאָניסטישע. אפ א פרידלעכנ אופנ קענענ זיי פאַר קיינ פאַל ניט דערלייזט ווערנ. די דערלייזונג פונ די דאָזיקע ווידערשפּרוכנ קומט פאָר אדאַנק דעמ, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט בייט דער סאָציִאַליסטישער רעוואָליוציע פאַרניכטעט די בורזשואַזיע אַלס קלאַס.

„אויב די אנטוויקלונג קומט פאָר אינעמ סיידער פונ אנטפּלעקונג פונ די אינערלעכע ווידערשפּרוכנ, אינעמ סיידער פונ צוזאַמענשטויסונג פונ די קעגנזעצלעכע קרעפטנ אפ דער באַזע פונ די דאָזיקע ווידערשפּרוכנ, ביכדיי בײַצוקומענ די דאָזיקע ווידערשפּרוכנ, איז קלאָר, אז דער קלאַסנ־קאַמפ פונעמ פּראָלעטאַריאַט איז אַנ אבסאָליוט נאַטירלעכע אונ אומפאַרמיַידלעכע דערשיַינונג.

הייסט עס, ניט פאַרשמירנ דאַרפ מענ די ווידערשפּרוכנ פונ דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, נאָר אופדעקנ זיי אונ פאַנאַנדערוויקלענ, ניט לעשנ דעמ קלאַסנ־קאַמפ, נאָר דערפירנ אימ ביזנ סאָפ.

הייסט עס, קעדיי קיינ טאָעס ניט מאַכנ אינ דער פּאָליטיק, דאַרפ מענ דורכפירנ אַנ אומקאָמפּראָמיסלעכע קלאַסאָווע, פּראָלעטאַרישע פּאָליטיק, אונ ניט קיינ רעפאָרמיסטישע פּאָליטיק פונ האַרמאָניע פונ די אינטערעסנ פונעמ פּראָלעטאַריאַט אונ דער בורזשואַזיע, אונ ניט קיינ פשאָרעמאַכערישע פּאָליטיק פונ „אַריַינוואַקסונג“ פונעמ קאַפּיטאַליזמ אינ דעמ סאָציִאַליזמ“.

(די געשיכטע פונ אלקפּ(ב), ק. IV, ז. 106־105).

אינ דער עפּאָכע פונ דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, ווו צוויי גרונט־קלאַסנ—דער אַרבעטער־קלאַס אונ דאָס פויערטומ בילדנ דעמ יעסאָד פונ דער מעלוכע, זיַנענ די ווידערשפּרוכנ צווישנ די דאָזיקע צוויי גרונטיקע קלאַסנ ניט קיינ אנטאַגאָניסטישע. בא דער אָנפירונג מיצאַד דעמ אַרבעטער־קלאַס ווערנ די ווידערשפּרוכנ דערלייזט, ד. ה. דער אַרבעטער־קלאַס, אָנפירנדיק מיט דער סאָציִאַליסטישער בויונג ביכלאַל, דערציט איבער דאָס פויערטומ אונ פירט אַריבער דעמ דאָזיקנ קלאַס אפ דעמ סאָציִאַליסטישנ וועג פונ אנטוויקלונג. דער כאַווער סטאַלינ, אופאַסנדיק דיִאַלעקטיש די אנטוויקלונג פונ אונדזער ווירקלעכקיַיט, האָט געגעבנ אַנ אויסשעפּנדיקנ ענטפער אפ דער פראַגע וועגנ דער דערלייזונג פונ אונדזערע אינערלעכע ווידערשפּרוכנ אונ מיט דעמ באַריַיכערט די מאַרקסיסטיש־לעניניש טעאָריע וועגנ דער בויונג פונ סאָציִאַליזמ אינ איינ לאַנד. דער כאַווער סטאַלינ דערקלערט:

„אייניקע ווידערשפּרוכנ צווישנ דעמ פּראָלעטאַריאַט אונ דאָס פויערטומ עקזיסטירט—דאָס, ענדלעכ, קענ קיינער ניט אָפּלייקענענ... צוויי גרונט־קלאַסנ שטייענ פאַר אונדז: א קלאַס פונ פּראָלעטאַריער אונ א קלאַס פונ פּריוואַט־אייגנטימלער, ד. ה. פויערטומ. פונ דעמ איז די אומפאַרמיַידלעכקיַיט פונ די ווידערשפּרוכנ צווישנ זיי. די גאַנצע פראַגע איז אינ דעמ, צי קענענ מיר מיט אונדזערע אייגענע קויכעס באַזיַיטיקנ די ווידערשפּרוכנ, וועלכע עקזיסטירנ צווישנ דעמ פּראָלעטאַריאַט אונ דאָס פויערטומ. ווענ מענ זאָגט: צי קענענ מיר אויסבויענ סאָציִאַליזמ מיט אייגענע קויכעס?—איז מיט דעמ וויל מענ זאָגנ:

צי עס איז מעגלעכ באזײַטיקנ די ווידערשפרוכנ, וועלכע עקזיסטירנ צווישנ דעמ פראָלעטאריאט אונ דאָס פויערטומ אינ אונדזער לאנד, אָדער ניט?

דער לעניניזמ ענטפערט אפ דער פראגע פאָזיטיוו: יאָ, מיר קענענ אויס-בויענ סאָציאליזמ, ווענ מיר וועלנ אימ בויענ צוזאמענ מיט דעמ פויערטומ, אונטער דער אָנפירונג פונעמ פראָלעטאריאט". (סטאלינ).

(„פראגנ פונ לעניניזמ", 9 אויסג., ז. 120).

די דאָזיקע סטאלינישע דיאלעקטישע אײַנשטעלונג איז בא אונדז אינ לאנד פארווירקלעכט געוואָרנ. דער זיג פונ דער קאָלווירטישער בויונג, דער זיג פונ דעמ סאָציאליזמ אינ פססר האָט באשטעטיקט די ריכטיקײַט פונ דעמ סטאלינישנ געדאנק, אז אונטער דער אָנפירונג פונ דער לענינישער פארטיי קענ אונ לייזט דער פראָלעטא-ריאט די ווידערשפרוכנ, וועלכע עקזיסטירנ צווישנ אימ אלס קלאס אונ דאָס פויערטומ.

אזוי ארומ, קומענ מיר צומ אויספיר, אז דיאלעקטיק אלס מעטאָד כאראקטערי-זירט זיכ מיט דעמ, וואָס די דיאלעקטיק נעמט אופ, באטראכט דערשײַנונגענ אונ זאכנ אינ זייער צווישנפארבינדונג אונ צווישנבאציִונג, באטראכט דערשײַנונגענ אונ זאכנ אינ זייער אומופהערלעכער באוועגונג, באטראכט באוועגונג אלס אנטוויקלונג, וווּ קוואנטיטאטיווע ענדערונגענ גייענ פלוצלינג, מיטאמאָל, רעוואָליוציאָנער איבער אינ קוואליטעט; באטראכט באוועגונג אלס ענדערונג אונ ענדערונג אלס קאמפ פונ קעגנזאצנ.

דער דיאלעקטישער מאטעריאליזמ איז שטענדיק געווענ אונ איז א מעכטיק געווער פונעמ ארבעטער-קלאס אינ קאמפ קעגנ בורזשואזע אידייענ אונ טעאָריעס, א מעכטיק געווער אינ דעמ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ פונ דעמ ארבעטער-קלאס פארנ ענדגילטיקנ זיג פונ זײַנע היסטאָרישע אופגאבנ. די רעוואָליוציאָנערע פארטיי, די מארקסיסטיש-לענינישע פארטיי האָט זיכ שטענדיק אָנגעפירט מיט דער פילאָסאָפיע—דיאלעקטישער מאטעריאליזמ. די פארטיי אונדזערע איז ניט באזיגבאר, ווײַל אינ גרונט פונ איר ארבעט ליגט די פאָרויסגעשריטנסטע, די רעוואָליוציאָנערסטע, די וויסנשאפטלעכסטע וועלט-אָנשויונג—דער דיאלעקטישער מאטעריאליזמ.

---

א. בראכמאנ

# פונ דער געשיכטע פונעמ ייִדישנ קלערי-קאליזמ אינ רוסלאנד

## דער פינפטער קאבינעט (לשכה השחורה)

(סאָפ *)

5

די טעטיקײַט פונ קאָוונער צענטר איז א ברייטע, א פארשיידנארטיקע. די הויפט־
אופגאבע איז קאמפ מיט בילדונג, אופקלערערײַ, מיט דער אָפּשוואכונג פונ רעליגיע,
וואָס מערקט זיכ אָנ בא די מאסנ, בא זייער פּאָרגעשריטנסטע עלעמענטנ, קאמפ
קעגנ דער רעוואָליוציאָנערער מאגייפע, וואָס האָט זיכ ארײַנגעריסנ אויכ אינ דער
טשערטא, אינ דער גווירישׂ־ראבאָנישער וואשצינע. דער דאָזיקער קאמפ איז ניט
קיינ שמאָל רעליגיעזער, ער איז קוידעמקאָל א פּאָליטישער קאמפ. די ראבאָנימ
אלס פאָרשטייער פונ די פאר־רעפאָרמישע ייִדישע גווירימ אונ באלעבאטימ פירנ
דעמ קאמפ פאר זייער פּאָליטישער העגעמאָניע, פּאָליטישער אָנפירערשאפט
איבער די ייִדישע מאסנ. זייער פּאָליטיק איז די אלטע אויסגעפּרובירטע „שטאד־
לאָנעס“—כלאָפּאָטשענ פאר דער רעגירונג אינ צענטר אונ אירע באאמטע אפ די
ערטער. ביזנ מיטנ פונ XIX יאָרהונדערט, ביז די רעפאָרמענ זײַנענ די „ייִדישע
דעפּוטאטנ“ אינ אָנהייב פונ י. ה. אונ די גאנצע גאלערייע פונ די שטאדלאָנימ גע־
וועג גווירישׂ־ראבאָנישע קרעאטורנ. שאול קארלינער, ייִצכאָק זעלקינד פונ מאָנאסט־
טירשטשינע, וואָלף ווילענקינ פונ ווילנע, שמאריע לוריע פונ מאָהילעוו, ליפּע זעל־
צער פונ וויטעבסק, עליע קרעטינגער (לעווינזאָנ) אדגל.—דאָס זײַנענ אלצ גווירימ
פונ אלטנ שניט, ראבאָנישע גווירימ אונ גווירישע ראבאָנימ. די מאָנאָפּאָל פונ „פאָר־
שטייערשאפט“ פארנ צאריזמ איז דעמלט פולקאָמ געלעגנ אינ די הענט פונ די גווי־
רימ אונ ראבאָנימ. די „נײַע צײַט“, די אנטשטייונג פונ דער נײַער בורזשואזיע אונ
רעפאָרמענ האָט געדראָט צו שאפנ א נײַעמ מאָדערניזירטנ שטאדלאָנימ־שיכט—די
גינצבורגס, פּאָליאקאָוס אונ קאָמפּאניע. דער קאָוונער צענטר קעמפט קוידעמקאָל
פאר אויסנוצנ די מעלוכישע רעאקציע אפ אופשטעלנ ווידער די הענעמאָניע פונ
גוויר אונ ראָוו, פאר אײַנהאלטנ די שטאדלאָנעס־פּאָליטיק אינ די הענט פונ די ראַ־
באָנימ אינ קאָנטראָלירנ די פעטערבורגער רעדלפירער. קאָוונער שטאב נעמט אפ זיכ

*) זע „שטערנ“ נומ. 1

די הויפט־אופגאבע כלאָפּאָטשענ וועגנ ייִדנ פאר דער צארישער רעגירונג אונ כלאָ־
פּאָטשענ פאר די אויסלענדישע ייִדישע רײַכע ברידער, קלײַבנ צדאָקע פאר די
ייִדישע אָרעמע לײַט—קאָרבאָנעס פונ פּאָגראָמענ אונ צארישער פארפאָלגונגס־פּאָלי־
טיק. די ראבאָנים ספּעקולירנ מיט די אנטיייִדישע פּאָגראָמענ אונ די גזיירעס אפ
ייִדנ. די צארישע רעגירונג האָט זיכ ניט באנוגנט מיט די פּאָגראָמענ אלס קאמפּט־
מיטל קעגנ דער שטײַגנדיקער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. די פּאָגראָמענ, וועלכע
זי האָט אָרגאני־זירט האָבנ געדינט אלס אויסגאנגס־פּונקט פאר אנ אנטיייִדישער גע־
זעצגעבונג. איינע פונ די צוויִאקישע רעזאָליוציעס פונ אלעקסאנדר דעם 3־טנ אפ א
מעמאָראנדום פונ גראפ ד. טאָלסטאָי דעמ מיניסטער פונ אינערנ וועגנ א פּאָגראָם
אינ ראָסטאָוו אפנ דאָנ דעם 10־טנ מײַ 1883: „זייער טרויעריק, נאָר איכ זע ניט צו
דעמ קיינ סאָפ, צופיל זײַנענ די דאָזיקע זשידעס פארמיִעסט געוואָרנ בא די רוסנ
אונ קאָלומאנ זיי וועלנ עקספּלואטירנ קריסטנ וועט די דאָזיקע פײַנטשאפט ניט קלע־
נער ווערנ". די צארישע רעגירונג טרעט ארויס אלס באשיצער פונ די עקספּלוא־
טירטע קריסטלעכע מאסנ פונ דער „ייִדישער" עקספּלואטאציע אונ אינ פארלויפ פונ
א גאנצנ צענדליק יאָר ארבעט די צארישע מאשינע אפ אויסטראכטנ נײַע בארבא־
רישע געזעצנ קעגנ די ייִדנ, עס זיצנ קאָמיסיעס אונ קאָמיסיעלעכ, וואָס פאברי־
צירנ געזעצנ אונ פּראווילעס, וואָס כאפּנ ארומ אלע ווינקעלעכ פונ ייִדישנ לעבנ.
דער סענאַט ווערט נאָכ דעמ דער אנשטאַלט, וואָס פארנעמט זיכ מיט זײַנ אויס־
טײַטשנ די געזעצנ אונ מיט צאפּנ אפ אזא שטילנ טרוקענעמ אויפנ דאָס ייִדיש בלוט.
עס איז דעריבער מער ווי פארשטענדלעכ, וואָס די ראבאָנישע קליקע קלײַבט אויס
אָט דעמ געביט פאר איר פּאראזיטאָרישער טעטיקײַט.

די פּראָגראמ פונ קאָוונער קלעריקאלנ שטאב אפ דעמ דאָזיקנ געביט איז—ווי עס
פאָרמולירט עס יאנקעוו ליפשיצ אינ זײַנע מעמוארנ—די פּראָגראמ, וועלכע אונדזער
עלטער־זיידע אווראָמ אָווינו האָט אָנגעווענדעט בענעגייע צו אייסאָווּנ „דורונ ותפלה"—
כאבאר אונ געבעט. כאבאר אונ שטאדלאָנעס—דאָס איז די פּראָגראמ פונ ראבאָנישנ
צענטר. די שטאדלאָנעס—דאָס כלאָפּאָטשענ פארנ צארס טשינאָווניקעס ווערט איצט
פארוואנדלט אינ א סיסטעמ. עס ווערנ אָנגעווענדעט פארשיידענע מינימ שטאדלאָנעס.
ערשטנס, די שטאדלאָנימ—געטער פונ די רייעג פונ דער גרויסער ייִדישער בורזשואזיע—
די פּאָליאקאָווס, גינזבורגס אונ די קלענערע שטאדלאָנישע מאלאָכימ—די ייִדעלעכ,
וועלכע דרייענ זיכ אינ די קאָרידאָרנ פונ דעמ אָדער יענעמ אָנגעזעענעמ מיניסטער
אונ הויכנ באאמטנ. צווייטנס,—דירעקטע פארטרעטער פונ קאָוונער שטאב. דער קאָוונער
צענטר וויל אליינ געניסנ פונ שטאדלאָנישנ קאָוועד אונ פירט אײַנ אינ פּעטערבורג
א שטענדיקע „פאָרשטייערשאפט" אינ 1884 יאָר. ער פארטרויט ניט די פּעטערבורגער
רעדלפירער, ער קאָנטראָלירט זיי. דער קאָוונער צענטר האָט זיכ ניט באנוגנט מיט
דעמ אונ געזוכט פּראָטעקציע צומ אָבער־פּאָגראָמשטשיק צומ רוסישנ צאר. עס רופט
ארויס פּיזישנ עקל, ווענ מע לייענט אינ די מעמוארנ די ברייטע ראבאָניש־קלערי־
קאלע קאָרעספּאָנדענצ וועגנ דעמ, ווי די ראבאָנימ האָבנ געזוכט פּראָטעקציע באמ
פעטער פונ רוסישנ צאר, באמ ברודער פונ העסענער פירשט, באמ ברודער פונ דע־
נישנ קעניג, דעמ קייזערס שוועֶר. א קייטעלע פונ קאָוונער ראָוו ייִצכאָק עלכאָנאָנ
צומ קאָפּענהאגענער אונ דאָרמשטאטער ראָוו, פונ קאָפּענהאגענער אונ דאָרמשטאטער ראָוו

צומ דענישנ קעניגס ברודער צומ העסענער פירשטלעכנ הויפ אונ אלצ איז שוינ געווענ אינ אָרדענונג, דעמ קעניגס ברודער האָט זיכ ארויסגעוויזנ פאר „א ייִדנ-פריַינט", נאָר ווענ אלעקסאנדר דער III איז געקומענ צו גאסט אינ קאָפענהאגענ האָט ער זיכ אָפגעזאָגט צו פארנעמענ זיכ מיט מעלוכישע איניאָנימ אונ פונ די בעטנ האָט זיכ גאָר נישט ארויסגעלאָזנ... אזוי שריַיבט דער ראבאָנישער „היסטאָריקער".

נאָכ מער סקאנדאליעז האָט זיכ פארענדיקט דער צווייטער מעטאָד פונ קאָוונער צענטער—דער ארויסגעפרובירטער וועג פונ כאבאר. כאבאר האָט געהאָלפנ ארויסבאקומענ די נייטיקע דאָקומענטנ בא די העכסטע צארישע באאמטע. די ראבאָנימ האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ אלס קונציקע אָרגאניזאטאָרנ פונ שפיאָנאזש. עס לייענענ זיכ מאמעש ווי א דעדעקטיוו-ראָמאנ די זייַטלעכ, ווו יאנקעוו ליפשיצ באשריַיבט, וויאזוי די ראבאָנימ פלעגנ ארויסבאקומענ די מיניסטאָרישע אונ סענאטאָרישע מעמאָראנדומס אונ צירקוליארנ, ווי איגנאטעיווס מעמאָראנדומ, וואָס האָט געזאָלט מאָרגנ צוגעשטעלט ווערנ דעמ צאר איז אפ עטלעכע שאָ אריַינגעפאלנ אינ די הענט פונ די ראבאָנימ אפ אראָפנעמענ פונ אימ א קאָפיע. אָבער וויַיטער פונ דעמ האָט די כאבאר-פאָליטיק ניט דערגרייכט. אפנ ראבאָנישנ כאבאר-הייוונ האָבנ זיכ ברייט צעלייגט אונ הויכ אופגעהויבנ קאָלערליי זשוליקעס אונ אוואנטיוריסטנ. אָט יאוועט זיכ אינ א שיינעמ פרימאָרגנ איידל א קאָרפוסנער שניַידער אונטערנעמער אונ דערקלערט, אז אנ אָנגעזעענער פאָרעצ מעדינצעוו נעמט זיכ ארויסקריגנ פאר ייִדנ גליַיכבארעכטיקונג, ער דארפ נאָר האָבנ 300 טויזנט רובל אפ „קליינע הוצאָעס", דער כאָשעווער מעדינצעוו האָט אפילע געהאט בארעָנ גינצבורגס גוטנ אָפרופ, נאָר די מאטבייע האָט ער אריַינגעכאפט אונ צומ סאָפ האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז ער איז א זשוליק. אנ ענלעכער פאל איז געווענ מיטנ סרויעריק באקאנטנ צארישנ מיניסטער דורנאָוואַ. ער, דער הויכ קוואליפיצירטער שווארצמייעניק-פאָגראָמשטשיק האָט געהאט א וואלד אינ א זומפיקנ אָרט אינ טשערניגאָווסטשינע. אונ מיט דעמ וואלד האָט ער געוואָלט מעזאקע זיַינ דאפקע די ייִדנ. אפאָנעמ, קיינ אנדערע האָבנ זיכ ניט געוויַילט כאפנ די מעציִע. דורנאָוואָס יודל, דער באקאנטער ליובאוויטשער כאָסיד אונ שמועל לייב עפשטיינ לויפנ גליַיכ אינ קאָוונע מיט דער סימכע: קויפט דעמ וואלד בא דורנאָוואָנ אונ ראטעוועט דעמ קלאל ייִסראָעל. אפילע דער הייליקער אָבער-פראָקוראָר פונ ניט וויניקער הייליקנ סינאָד, דער אינספיראטאָר פונ דער צארישער רעאקציע, דער באוווסטער פאָבעדאָנאָסצעוו, ניט קוקנדיק אפ זיַינ בעסטיאלישע סינע צו די ייִדנ האָט זיכ ניט געמיִעסט ארויסבאקומענ דורכ דער פארמיטלעריַי פונ קאָוונער שטאב א גאנצנ מיליאָנטשיק פונ בארעָנ הירשס קאפיטאלנ. ווי זאָגט דאָס רוימיש שפריכוואָרט: געלט שמעקט ניט.

די דאָזיקע ספעקוליאציעס האָבנ געפאָדערט געלט. מע האָט געדארפט געבנ כאבאר די טשינאָווניקעס, מע האָט געדארפט שפּיַיזנ די גאנצע כעווריע פונ שטענדיקע אונ ניט שטענדיקע פאָרשטייער שטאדלאָנימ אונ ביכלאל אלע די, וואָס האָבנ נעבעכ געדארפט פארנעמענ זיכ מיטנ אָרעמענ קלאל ייִסראָעל—האָט דער קאָוונער צענטער געפויקט מיטנ פויק, געקלאפט מיט דער צדאָקע-פושקע אונ געקליבנ נעדאָוועס. די ייִדעלעכ פונ דער טשערטא האָבנ ניט געהאט וואָס צו געבנ, די ייִדעלעכ

גווירים פונ דער טשערטא אונ בורזשואַ פונ די גרויסע צענטרענ האָבנ זייער ווייניק געגעבנ. איז די גאנצע לאסט געפאלנ אפ די מײַרעוו־אײראָפּייִשע ייִדנ, אפ די ראָטשילדס, בעראָנ הירש אונ זייער גלײַכנ. ייִצכאָק עלכאָנאָנ אונ בעראָנ גינצבורג זײַנענ עס די, וועלכע פירנ די פארהאנדלונגענ מיט דער אויסלענדישער ייִדישער בורזשואַזיע. די גראָס־אונ אָבער־ראבינערס פונ פאריזש, לאָנדאָנ זײַנענ עס די פארמיטלער צווישנ קאָוונער שטאב אונ די ייִדישע מיליאָנערנ, זאמלענ דאָס געלט, וואָס פארשווינדט נאָכדעם בא די צארישע באאמטע כאבארניקעס. מע דארפ האָבנ מאמעש א קופערנעמ שטערנ אָדער זײַנ בעראָנ גינצבורגס א מעשאָרעס, קעדיי צו שרײַבנ ווי עס טוט סליאָזבערג, שווערנדיק זיכ, אז בעראָנ גינצבורג האָט ניט געהאט קיינ שײַכעס צו כאבאר־איניאָנים [1]. דער אָנפירער פונ שווארצנ קאבינעט האָט אינ זײַנע מעמוארנ באוויזנ די ראָל פונ בעראָנ גינצבורג אינ די שמוציקע כאבאר־געשעפטנ.

כאבאר אונ שטאדלאָנעס זײַנענ סינאָנימענ פונ דער ראבאָנישער הויכ־פּאָליטיק. אלע צאָרעס אפ ייִדנ נעמענ זיכ ניט פונ צאריזמ. נאָר פונ דעמ, וואָס מע האָט ניט געגעבנ כאבאר ווענ מע האָט געדארפט. איגנאטיעוו האָט פארפאָלגט די ייִדנ, ווײַל מע האָט אימ אינ דער נייטיקער מינוט ניט אונטערגעטראָגנ קיינ כאבאר, סע־נאטאָר קוטאיִסאָוו האָט צוגעשטעלט א שלעכטנ רעוויזיע־מעמאָראנדומ וועגנ די פּאָ־גראָמענ, ווײַל מע האָט אימ ניט געגעבנ קיינ כאבאר. ווענ די גווירימ, הייסט עס, וואָלטנ געגעבנ די ראבאָנימ מער געלט־מיטלענ, וואָלטנ קיינ גזיירעס אפ ייִדנ ניט געווענ.

אָט אזוי האָט אויסגעזענ די קלאל־ייִסראָעל־פּאָליטיק, וועלכע עס האָט געפירט דער קאָוונער ראבאָנישער צענטר אינ שוטפעס מיטנ בעראָנ גינצבורג אונ מיט דער הילפ פונ די אויסלענדישע ראבאָנימ אונ מיליאָנערנ. דאָס האָט ניט געשטערט זיי ארויסטרעטנ פאר די צוינ־קאדאָשימ, פארנ אָפּגענאַרטנ אוילעמ אלס זייערע פאס־טעכער, וואָס זאָרגנ זיכ פאר דערשלאָגנ זיכ יעשועס אונ פארלײַכטערונגענ פאר די אָרעמע ייִדנ. פארנ האמוינ, פאר די באלמעלאָכעס, האָרעפּאשניקעס, אָרעמשאפט האָבנ זיכ די ראבאָנימ קיינמאָל ניט געזאָרגט. אינ בעסטנ פאל האָבנ זיי געכלאָפּאָ־טשעט פאר ייִדישע שענקערס, ארענדאטערס אונ אנדערע כאָשעווע לײַט. קיינ יעשועס אונ פארלײַכטערונגענ האָבנ זיי ניט באקומענ, פארשטייט זיכ, נאָר דערפאר האָבנ זיי טרײַ געדינט דער צארישער פּאָליטיק. יעדעס מאָל, בא דער באהאנדלונג פונ דעמ אָדער יענעמ געזעצ פונ די פּילצאָליקע געזעצנ וועגנ ייִדנ, פלעגט די ראַ־באָנישע כעוורע קומענ צומ אוילעמ מיט סימכע אונ פרייד, פלעגנ דערציילנ פונ די ניסימ אוניפלאָעס, וואָס זיי האָבנ אָפּגעטאָנ, אז אינ די הויכע ספערנ האָט מענ געפלאנעוועט ערגערע געזעצנ, נאָר זיי, די ייִדישע פאסטעכער, איז מיט גאָטס הילפ בעלונגענ דערשלאָגנ זיכ די מילדערונג פונ דעמ אונ יענעמ געזעצ. האָט דער צאר אראָפּגעזעצט איגנאטיעוונ—איז דאָס זייער ראבאָנישער פּארדיגסט, כאָטש מע האָט אימ פארביטנ מיט א גרעסערנ רעאקציאָנער. עס האָט געקענט, הייסט עס, זײַנ ערגער, נאָר אדאנק זיי, די ראבאָנימ, איז נאָכ צו לײַדנ. אָט אזוי האָט די ראבאָנישע

[1] Пережитое, т. II

באנדע ספעקולירט מיט דער ייִדישער נויט אונ איז געוואָרנ א נייטיק רינגעלע אינ דער קייט פונ דער צארישער אנטי־ייִדישער פּאָליטיק.

די העלדנ פונ „שווארצנ קאבינעט“ אונ דערמיט זייַנענ מאסקים די נאציאָנאל־פאשיסטישע היסטאָריקער—שרייַבנ זיכ צו די גרויסע פארדינסטנ פונ באקאַנענ די עפנטלעכע מיינונג אינ אויסלאנד וועגנ די פּאָגראָמענ פונ די 80־ער יאָרנ אונ די גרויזאמקייַטנ פונ דער צארישער רעגירונג. ריכטיק איז, אז זיי האָבנ אינ יענער צייַט, ווענ דער צאריזם האָט גאָרנישט ארויסגעלאָזנ וועגנ דעם אינ אויסלאנד, ווענ די פרעסע האָט געשוויגנ, צוגעשיקט צו די ראבאָנים אינ אויסלאנד אונ דורכ זיי די ייִדישע מיליאָנערנ אינ דורכ די ייִדישע מיליאָנערנ דעם „טאיימס“ מאטעריאלנ וועגנ די אופטועכצנ פונ דער צארישער רעגירונג, אָבער די דאָזיקע גאנצע אינפאָרמאציע האָט, פארשטייט זיכ, ניט געשטעלט זיכ אלס אויפגאבע אויפדעקנ די ראָליע פונ צאריזם אונ די דאָזיקע גרוילטאטנ. ווייַטער פונ באשולדיקנ דעם אָדער יענעם מיניסטער אונ באאמטנ אינ פייַנטשאפט צו ייִדנ, ווייַטער פונ דעם, אז די אויסלענדישע מיליאָנערנ זאָלנ „בעטנ“ דעם אָדער יענעם מיניסטער אָדער געבנ געלט פאר פּאָגראָם־געליטענע זייַנענ זיי ניט געגאנגענ.

6

ניט ווייניקער „פרוכטבאר“ איז די טעטיקייַט פונ קאָוונער צענטר אפ דעם אינע־ווייניקסטנ ראבאָנישנ באָדנ, אפנ געביט פונ קאמפ קעגנ בילדונג אונ אויפקלערערייַ. דאָ ווייַזט זיכ ארויס אינ פולנ גלאנצ די שווארצע, עכט רעאקציאָנערע ארבעט פונ שווארצנ קאבינעט. די „האשיוויינו נאזאד“ אונ „אלכעס“־שטימונגענ פונ דער מאסקילישער אונ רוסיפיצירטער אינטעליגענצ ווערנ אויסגענוצט פונ קאָוונער צענטר אפ אלע הונדערט פראָצענט. אפ דעם געביט איז געווענ זייער לייַכט צונויפריידנ זיכ אי מיטנ צאריזם, אי מיט די ייִדישע פניי פונ פעטערבורגער אונ מאָסקווער גרויס־בורזשואזיע. עס ווערט געשאפנ א שטילער געהיימער בלאָק אונטער דער אָנפירונג פונ די פינצטערע שווארצע קויכעס פונ ייִדישנ קלעריקאליזם קעגנ דער פארשפּריי־טונג פונ בילדונג, אויפקלערערייַ, פרייַדענקערייַ צווישנ די ייִדישע מאסנ. דער באַ־ווּסטער דעליאנאָוו, בילדונגס־מיניסטער פונ דער רעאקציאָנערער עפּאָכע האָט אינ צוויי ריכטונגענ געשטיקט די שטרעבונג צו בילדונג בא די ייִדנ. פונ איינ זייַט—דאָס פארמאכנ די אלגעמיינע שולנ פאר די קינדער פונ די פארמעגלעכע ייִדישע שיכטנ, פונ דער אנדערער זייַט דאָס אָפּזאָגנ זיכ פונ רעאָרגאניזירנ די פרימיטיווע אָפּגעשטאנענע שול־פאָרמענ, וועלכע האָבנ זיכ אויסגעבילדעט אינ דער טשערטא נאָכ פונ ניקאָלייַ דעם ערשטנס צייַטנ, דאָס אָפּזאָגנ זיכ פונ די פריִערדיקע, כאָטש שוואכינקע פרווונ מאָדערניזירנ דעם כיידער־וועזנ. די איקער אופטועכצנ פונ דעליא־נאָוונ אפ דעם דאָזיקנ געביט זייַנענ געווענ דאָס אייַנפירנ די פּראָצענט־נאָרמע אינ 1887, פארמאכנ זשיטאָמירער ראבינער־שול פונ 1886, דער געזעצ וועגנ מעלאמדים פונ 1893.

כאראקטעריסטיש פאר דער פּאָליטיק פונ קאָוונער קלעריקאלנ צענטר איז וואָס ער שטימט אייַנ פולקום מיט דעליאנאָוונ, נאָכ מערער, ער העלפט אים אינ דעם טייל, וואָס איז שייַעכ צו פארמאכנ די ראבינער־שולנ, לאָזנ דעם כיידער פונקציאָ־

נירנ, ווי אינ די אלטע צײַטנ, אופשטעלנ די מאכט פונ מעלאמעד. ניט מאסקים זײַנענ זיי מיט אים נאָר אינ איינ פונקט, בענעגייע דער פּראָצענט־נאָרמע פאר גוירישע קינדער. „מיר ווילנ ניט קיינ שולנ" ווערט איצט פארפינקטלעכט: מיר ווילנ ניט קיינ שולנ פאר די פ אָ ל ק ס-מ א ס נ. פאר דער בורזשואזיע ווערט געמאכט אנ אויסנאם. עס ווארפט זיכ מאמעש אינ די אויגנ'די ביטערע טרערנ, וואָס די ראבאָנישע כעוורע פארגיסט אינ אירע פאמפלעטנ אונ פעטיציעס ווענג דער פּראָצענט־נאָרמע. די פינצטערע רעאקציאָנערנ קלאָגנ אפ דעם, וואָס עס איז פארשמעלערט געוואָרנ די מעגלעכקײַטנ אָנקומענ אינ די אוניווערסיטעטנ. דאָס באקלאָגט די קלעריקאלע באנדע די צאָרעס פונ דער בורזשואזער יוגנט. די ראבאָנים נעמענ אָנ בילדונג פאר די בורזשואזע קינדער, אָבער ניט פארנ האמוינ, פאר דער „פּראָסטאָנאראָדיע". אונ אלס קאָמפּענסאציע באקומענ זיי פונ די פעטערבורגער אונ מאָסקווער בורזשואזע אונ אינטעליגענטישע גדוילים די האסקאָמע—אָפּזאָגנ זיכ פונ קאמפ פאר רעפאָרמירנ דעמ יידישנ ראבאָנישנ וועזנ, רעפאָרמירנ די דערציִונגס־סיסטעם. אינ זײַנע דערינערונגענ דערציילט יאנקעוו ליפשיצ וועגנ דעם, וויאזוי דעם קאָוונער שטאָב האָט זיכ אײַנגעגעבנ מעוואטל צו זײַנ, אנולירנ די פּראָיעקטנ וועגנ א ראבינער־סעמינאר, וואָס פּאָליאקאָוו אונ גינצבורג האָבנ געוועזנ צוגעגרייט אפ ארײַנטראָגנ אינ מיניסטעריום. די רוסיפיצירטע יידישע בורזשואזיע אונ אירע מאסקילים האָבנ אינ פארלויפ פונ צענדליקער יאָרנ געטראָגנ זיכ מיט דער אידיי פארבײַטנ דעמ אלטפרענקישנ ראָוו מיט א נײַעם געבילדעטנ, דער ראָוו זאָל קענענ רוסיש, ער זאָל פארמאָגנ א בילדונגס־צענז. די יידישע בורזשואזיע האָט געוואָלט האָבנ א ראָוו, וועלכער זאָל זײַנ צוגעפאסט צו איר שטייגער־לעבנ. די צווי ראבינער סיסטעם, פונ א ראָוו אונ א קאזיאָנעם ראבינער, די ווילדע אויסטראכטעניש פונ ניקאָלײַ דעמ ערשטנס רעגירונג האָט צו די אלטע צאָרעס פונ דער ראבאָנים־הערשאפט צוגעגעבנ נאָכ א נײַע, די מאקע פונ א ראבינער א טשינאָווניק, וואָס איז, אייגנטלעכ, קיינ ראבינער ניט. די פינצטערע קלעריקאלע קאָמפּאניע אונטער דער אָנפירונג פונ קאָוונער שטאָב דערשלאָגט זיכ, אז די פעטערבורגער אונ מאָסקווער רעדלפירער זאָלנ זיכ אָפּזאָגנ פונ זייערע פלענער וועגנ ראבינער־סעמינאריום, וואָס זאָל דערציִענ מאָדערניזירטע ראבאָנים. די פינצטערע קליקע פירט א העפטיקנ קאמפ פאר דער ליקווידאציע פונ דער דאָפּלטער ראבינערײַ, פאר דעם, אז זיי אליינ, די רעוולעכ זאָלנ פארבלײַבנ, אז די אלע פונקציעס פונ מעטריקעס, פונ כאסענע, פונ געטנ זאָלנ לעגאל, אָפיציעל זיי איבערגעגעבנ ווערנ, אז זיי זאָלנ קענענ נאָכ שטארקער זויגנ דאָס בלוט פונ אָרעמענ פאָלק. עס גיט זיכ ניט אײַנ, זיי דערשלאָגנ זיכ ניט די דאָזיקע צארישע יורידישע לעגאליזאציע, בא זיי בלײַבט אָבער די פאקטישע מאכט אונ עס גיט זיכ זיי אײַנ אינ דער פולער מאָס צו באגראָבנ אלע פלענער פונ רעפאָרמירנ די סיסטעם פונ ראבינערטום.

נאָכ גרעסער איז זייער ניצאָכנ אפנ געביט פונ דער שול־פראגע. אינ פארלויפ פונ גאנצנ 19־טנ יאָרהונדערט האָבנ די מאסקילים, די פּאָרגעשריטנסטע עלעמענטנ אינעם יידישנ פאָלק געקעמפט פאר דער ליקווידאציע פונ דער כיידער־מאקע. עס איז געוואָרנ מאמעש א לייט־מאָטיוו פונ דער גאנצער אופקלערערײַ אינ אירע בעסטע ריכטונגענ. עס איז געווענ די סאמע אָנגעווייטיקסטע פראגע אפנ קולטור־געביט פונ

ייִדישנ לעבנ: דער כיידער,—א טורמע, ווו מע האָט קאלעטשעט דאָס ייִדישע קינד, דער מעלאמעד, דער טויגעניכצ, דער אמהאָרעצ אלס דערציִער פונ דער יוגנט. די פאָדערונג פונ די בעסטע עלעמענטנ איז געווענ פארבײַטנ דעמ מעלאמעד מיטנ לערער, די מאסקילימ האָבנ ניט איינמאָל געווענדט זיכ צו דער צארישער רעגירונג מיט דער ביטע וועגנ אײַנפירנ א בילדונגס־צענז פארנ מעלאמעד ד. ה. פאָדערנ פונ מעלאמעד א בילדונגס־צוגרייטונג. די צארישע רעגירונג האָט אינ דער ריכטונג פונ איר פאָליטיק פרובירט אָנגרײַפנ, באגרענעצנ דעמ מעלאמעד. די קלעריקאלע באנדע האָט שטענדיק געקעמפט קעגנ דעמ אונ איצט נאָכ דער רעאקציע פונ די 80־ער יאָרנ דערשלאָגט זי זיכ ענדגילטיק, אז די צארישע רעגירונג זאָל לעגאליזירנ דעמ אלטנ צושטאנד פונ כיידער אונ מעלאמעד. פונ די מעמוארנ פונ יאנקעוו ליפשיצ דערוויסנ מיר זיכ, אז די באשטימונג פונ דער צארישער רעגירונג פונ 1893־טנ יאָר וועגנ מעלאמעד איז אָנגענומענ געוואָרנ לויט דער דירעקטער ווירקונג אונ טעטיקײַט פונ קאָוונער צענטר. דער געזעצ פונ 1893 האָט דערלויבט יעדנ ייִדנ צו זײַנ א מעלאמעד, ער דארפ נאָר אָפצאָלנ 3 רובל יערלעכ, באקומט ער א שײַנ.

אָט אזוי האָט זיכ פארענדיקט דער 50־יאָריקער קאמפ פונ די פאָרגעשריטנסטע עלעמענטנ פונ די ייִדנ קעגנ דער כיידער־מאקע מיטנ זיג פונ די שווארצע רעאקציאָנערנ. די צארישע רעגירונג, וועלכע האָט אינ איר פריִערדיקער פאָליטיק אינ די באשטימונגענ פונ 1846 אונ 1859 אײַנגעשטעלט א בילדונגס־צענז פאר מעלאמדימ אונ אפילע געפאָדערט, אז צו מעלאמדעס זאָלנ „ניט צוגעלאָזנ ווערנ די, וועלכע זײַנענ באמערקט געוואָרנ אינ באזונדערער פאנאטישער אופירונג", האָט פולקומ נאָכגעגעבנ די פאָדערונגענ פונ די ראבאָנימ. איר קאמפ קעגנ ייִדישנ פאנאטיזמ האָט אויכ דעמלט ניט געשטאמט פונ מאָטיוונ פונ קולטור־קאמפ, נאָר פונ עכט רוסיפיקאטאָרישער פאָליטיק. איצט ווערט געשאפנ א פולקומע סאָלידאריטעט פונ צאריזמ מיט די ראבאָנימ. א מעלאמעד קענ זײַנ יעדערער, ווער עס האָט די האסקאָמע פונ ראָוו. דער צאריזמ שטעלט אימ נאָר איינ פאָדערונג ער זאָל זײַנ פאָליטיש „בלאגאָנאדיאָזשני"—ער זאָל זײַנ א מאָנארכיסט, א טרײַער מאָנארכיסטישער דערציִער.

דער קאָוונער צענטר האָט דאָס דערשלאָגנ זיכ מיט דער שטילער הילפ פונ די רוסיפיקאטאָרנ אונ נאציאָנאליסטנ, פונ די נעכטיקע מאסקילימ, וועלכע האָבנ געשלאָסנ איצט א יאדראכאס, אנ איינהײַטס־פראָנט קעגנ די פאָלקס־מאסנ, קעגנ בילדונג אונ אופקלערערײַ צווישנ די מאסנ. מיט דער צארישער רעגירונג איז סאָפקאָלסאָפ געווענ ניט שווער צו דערריידנ זיכ. „כאבאר אונ געבעט" האָבנ דאָ געטאָנ זייער שמוציקע ארבעט. קעדיי צו ווירקנ אפ דעמ צארישנ רעגירונגס־אפאראט האָבנ זיכ די קאָוונער רעדלפירער ניט אָפגעשטעלט צו אפעלירנ צומ הויפט פונ דער רוסישער רעאקציע צו פאָבעדאָנאָסצעוונ מיט דער הילפ פונ... אויסלענדישע ייִדנ. אינ יאנקעוו ליפשיצעס מעמוארנ ווערט געבראכט א זייער אינטערעסאנטער דאָקומענט, א פעטיציע פונ לאָנדאָנער ייִדנ צו פאָבעדאָנאָסצעוונ פונ 1882 יאָר. אינ דעמ דאָזיקנ דאָקומענט, אינספירירט פונ קאָוונער צענטר, אונטערגעשריבנ פונ א גרופע געוועזענע רוסישע ייִדנ־עמיגראנטנ, ווערנ אינ סאמע ברענ פונ דער פאָגראָמענ־וואקכאנאליע ארויסגערוקט אפ ערשטנ פלאצ פאָלגנדיקע פארלאנגענ—ערלויבנ ייִדנ שענקערס

וווינענ אינ די דערפער, אופשטעלנ די העגעמאָניע פונ דוכאָווני ראָוו, ער זאָל זײַנ דער איינציקער באַלעבאָס אינ ייִדישנ לעבנ, געבנ די ייִדנ רעכט זײַנ מעלאמדים אָנ באגרענעצונג אונ צענז, פארשטייט זיכ, אונטער דער אופזיכט פונ דער פאָליציי. די שווארצע כעוורע פילט זיכ ווי א פיש אינ וואסער אינ דער סוויווע פונ דער רעאקציע פונ די 80־ער יאָרנ. זי ווערט דער אנערקענטער פונ אויבנ באַלעבאָס אינ ייִדישנ שטאָט אונ שטעטל. זיי זאָרגנ זיכ וועגנ ייִדישקײַט, זיי באזאָרגנ דאָס פאָלק מיט פרומקײַט. אונ אויב די צארישע רעגירונג האָט מיט איר פאָגראָמענ־פאָליטיק געבראכט צו דער אויסוואנדערונג פונ מאסנ ייִדנ, מוז זיכ די כעוורע זאָרגנ, אז זיי, די ייִדנ, זאָלנ כאָלילע ניט בלײַבנ אָנ ייִדישקײַט אפ די נײַע ערטער. דער קאָוונער צענטער אונ ייִצכאָק עלכאָנענ בעראָש דערשלאָגנ זיכ פונ באראָנ הירש, אז אינ די ייִדישע קאָלאָניעס, וועלכע ווערנ געשאפנ אינ ארגענטינע זאָל זײַנ אי א סינאגאָגע, אי א מיקווע. עס פירט זיכ פונ קאָוונע א סיסטעמאטישע קאָרעספאָנדענצ וועגנ דער אײַנאָרדענונג פונ ייִדישקײַט אפ די נײַע ערטער פונ ארײַנוואנדערונג. דורכ זײַנע אגענטנ איז דער קאָוונער צענטער אינפאָרמירט וועגנ דעם, וואָס עס טוט זיכ אינ דער אָדער יענער קאָלאָניע אונ דער צענטער נעמט אָנ מיטלענ, אָנ וואָס עס זאָל ניט זײַנ, אָבער א ראָוו מיטנ גאנצנ קלאפערגעצײַג זאָלנ ווערנ גלײַכ בא דער גרינדונג פונ דעם אָדער יענעם ייִשעוו, א ייִד זאָל ניט בלײַבנ אָנ ייִדישקײַט כאָטש אפ איינ רעגע.

דער קאָוונער צענטער פארנעמט זיכ מיט דער רעאביליטאציע פונעם טאַלמוד. די מאסקילים האָבנ אינ זייער בעסטנ פעריאָד פיל אופגעטאָנ, קעדיי צו דעמאסקירנ דעם טאַלמודישנ שימל, וואָס האָט געדריקט אפנ ייִדישנ לעבנ. דער קאָוונער צענטער רוקט ארויס פונ די רייענ פונ די קלעריקאלנ א „טעאָרעטיקער", וועלכער דארפ צע־קלאפנ אַלע מאסקילישע אווטאָריטעטנ אונ אופשטעלנ דעם אווטאָריטעט פונ טאַלמוד אינ זײַנ פולנ גלאנצ. דער קאָוונער צענטער קאָמאנדירט קיינ פראנקפורט דעם וויל־נער באַלעבאָס ייִצכאָק אײַזיק האלייווי ראבינאָוויטש, דער קומענדיקער אווטאָר פונ די „דורות הראשונים". ער ווערט אינ יאנקעוו ליפשיצס מעמוארנ טיטולירט אַלס „גאָענ"—געני. ער שטעלט מיט זיכ פאָר די שווערע ארטילעריע פונ קאָוונער כעוורע. זײַנ אופגאבע איז—וואָס ער פילט אויס שפעטער אינ די גראָבע פאָליאנטנ פונ די „הדורות הראשונים"—צעגראָמירנ די גרעסטע אווטאָריטעטנ פונ רעפאָרמירטנ אונ בורזשואז־פראָגרעסיוונ ייִדנטום די היסטאָריקער גרעטצ אונ ווייס (דור דור ודורשיו) אונ דעם דענקער קראכמאל (מורה נבוכי הזמן), קעגנ זייערע פרוּוונ פונ וויסנשאפט־לעכנ בורזשואז־קריטישנ שטודיום פונ דער ייִדישער געשיכטע אונ פונ די געשיכט־לעכע ליטעראַרישע קוועלנ אונ ארויסרוקנ די אומבארירקײַט אונ די הײליקײַט פונ יעטווידער אָס פונ טאַלמוד. ייִצכאָק אײַזיק האלייווי ווערט דער אווטאָר פונ דער קלעריקאלער ייִדישער געשיכטע, מאָדערניזירט אויסערלעכ לויט די פאָדערונגענ פונ דער נײַער עפּאָכע. דאָס איז פאר דעם אינווייניקסטנ ייִדישנ געברויכ.

מע דארפ אָבער רעאבילירנ דעם טאַלמוד אויכ אינ די הויכע ספערנ. די צאַ־רישע אנטיסעמיטנ האָבנ געפרובירט אפנ טאַלמוד מאכנ קאפיטאל. מע האָט געדארפט אויכ זיי, די פריצים, באווײַזנ די „שיינקײַט" אונ „גרויסקײַט" פונ טאַלמוד, מע דארפ דערשלאָגנ זיכ, אז די צארישע רעגירונג זאָל ניט שטערנ לערנענ געמאָרע אינ

ביידער. די ראַבאָנישע כעווּרע איז ניט פײַיק אַפּ אַזאַ ארבעט, איז דאָך גאָט ניט קיינ געזלענ, אַז עס איז דאָך אינ אויסלאַנד פאַראַנ ראַבינער „פּראָפעסאָרנ‟ מײַדימס פונ זייער פאַך. שרײַבט דער פראַנקפורטער „גאָענ‟ ראַבי שימשענ רעפאָעל הירש פונ פראַנקפורט א ווערק איבער דער „באַציִונג פונ דעם טאַלמוד צום יידנטום און צו דעם סאָציאַלנ שטעלונג זיינער בעקענער‟. דאָס ראַבאָנישע ווערק ווערט אונטערגעטראָגנ דעם גראַפ פאַלענ און אַלע מיטגלידער פונ דער פאַלענ־קאָמיסיע דירעקט פונ אויסלאַנד, אַזוי ווי עס וואָלט גאָר קיינ שײַכעס ניט געהאַט צום קאָוונער שטאָב.

האָבנ זיך די צאַרישע באַאַמטע א נעמ געטאָנ זיך צו דער שכיטע, זיי זײַנענ מיטאַמאָל געוואָרנ באַלראַכמאָנים אַפּ די אומשולדיקע חיִנער און בעהיימעס, וואָס לײַדנ נעבעך פונ דער יידישער שכיטע, איז קאָוונער צענטער גלײַך אַפּ דער וואַך. דאָ ווערט אָנגערירט ניט נאָר איינער פונ די הויפּט־איקאָרים פונ דעם ראַבאָנישנ קולט, דער קאָשער־ און טרייפ־אינסטיטוט, דאָ ווערט אָנגערירט דער פונדאַמענט פונ מאַטעריעלער עקזיסטענצ פונ גאַנצנ קלייקוידעש, דאָס איז ערגער ווי א פּאָגראָמ אַפּ יידנ, אָדער פאַרבאָט צו באַזעצנ זיך אויסערנ טכום (טשערטאַ). קאָוונער צענטער זוכט אָפּ א געלערנטנ ספּעציאַליסט דר. דעמבאָ, אַגעוו, א קאָוונער לויט דער אָפּשטאַמונג און עס ווערט פאַרטיק א בוך, וועלכער באַווײַזט אַלפּי דער וויסנשאַפט, אַז די יידישע שכיטע, דער יידישער אויפנ פונ קוילענען, איז דער סאַמע „הומאַנער‟, סאַמע היגיענישער, אַז בעסער פונ דעם קענ גאָר ניט זײַנ, אַז די בהיימעס און אויפעס בעטנ זיך אַליינ מע זאָל זיי קוילענענ נאָר לויטנ יידישנ ריטואַל. דר. דעמבאָ האָט געמוזט צוליב דער דאָזיקער ארבעט פאַרלאָזנ זײַנ דאָקטאָריע, ארומפאָרנ איבער אויסלאַנד, אינ פאַריזש, לאָנדאָנ, עס האָט אָפּגענומענ דרײַ יאָר צײַט, אָפּגעקאָסט א שיינע מאַטבייע, אָבער דאָס איז אַלצ גאָרנישט, דער איקער איז—די יידישקײַט איז געראַטעוועט. דר. דעמבאָ ווערט דער העלד פונ דער ראַבאָנישער כעווּרע, מע אָרדנט אימ איינ באַנקעטנ, טראָגט אימ אונטער סוּווענירנ. אינ ראַבאָנישנ לאַגער איז פריילעכ, סאָסנ וועסימכע. עס פרייט זיך דער אָרגאַניזאַטאָר פונ די דאָזיקע אַלע אונטערנעמונגענ דער קאָוונער שוואַרצער קאַבינעט, עס פרייט זיך די פרומע ראַבאָנישע קאַצ, עס פרייענ זיך אויך די יידישע ליבעראַלנ און מאַסקילים פונ „האַמײליץ‟, „האַצפירע‟, „וואָס מיר זײַנענ זײַנענ מיר, אָבער יידנ זײַנענ מיר!‟

די געזעלשאַפט פאַר פאַרשפרייטנ בילדונג צווישנ די יידנ, וואָס איז אינ 1863־טנ יאָר אַנטשטאַנענ לויט דער איניציאַטיוו פונ די יידישע בורזשואַזע פנײ—באַראָנ גינצבורג און בראָדסקי און האָט זיך געשטעלט אַלס ציל די פּראָפּאַגאַנדע פונ רוסישער קולטור און בילדונג צווישנ די יידנ, די אויסבילדונג פונ קאַדרענ רוסיפיצירטער יידישער אינטעליגענצ האָט אינ אָנהויב אינ די 60־70־ער יאָרנ באַגעגנט אַנ אָפּאָזיציע מיצאַד די קלעריקאַלנ. אַפּנ פאָנ פונ די אַלגעמיינ געשילדערטע ענדערונגענ פאַלט אונטער אויך די דאָזיקע געזעלשאַפט אונטער דער ווירקונג פונ דער קלעריקאַלער העגעמאָניע. דער אָנפירער פונ די פאַלעסטינאָפילנ שמול מאַהילעווער האָט נאָך אינ 1873 „פאַרשטאַנענ‟, אַז מע דאַרפ אָנווענדנ צו דער געזעלשאַפט די טאַקטיק פונ דער „פרומער קאַצ‟ (באַ פערעצנ). ער איז געווענ דער ערשטער

צווישן די ראבאָנים, וועלכער איז צוגעשטאנען צו דער בילדונגס-געזעלשאפט, איז געשטאנען פאר דער אריַנפירונג פון לערנען רוסיש און עלעמענטארער וויסנשאפט אין די יעשיוועס. נאָך אים שטייט צו צו דער געזעלשאפט אויך ייִצכאָק עלכאָנאָן. זיי ביידע דערדינען זיך צו ווערן „ערן־מיטגלידער" פון דער געזעלשאפט פאר דער „פארשפרייטונג פון בילדונג צווישן די ייִדן"!! די רעזולטאטן פון דעם האָבן זיך גלייַך געלאָזט פילן. שוין אין 1879 שרייַבט י. ל. גאָרדאָן אין אויבן ציטירטן בריוו וועגן דעם, ווי די פינצטערליגע קאָמאנדעווען אין אלע בילדונגס־פראגן און האָבן אים פאקטיש באַזייַטיקט פון זייַן פאָסטן אלס סעקרעטאר פון דער דאָזיקער געזעלשאפט.

7

מיט דער בורזשואזיע, מיט די מאסקילים־ליבעראלן איז געשלאָסן א שטילער געהיימער אָפמאך. דער הויפט־סוינע איז איצט דאָס ערוואכנדיקע פאָלק. געפענטעט פון דער רעאקציע פון די 80־ער יאָרן, געשטיקט און געדריקט פונעם אלגעמיינעם קריזיס, פון דער פארשטארקטער אנטיסעמיטישער פאָליטיק פון דער רעגירונג, רייַסט זיך דאָך די ייִדישע מאסע צום סאָציאלן פראָטעסט און קאמף. דער פראָצעס פון סאָציאלער דיפערענציאציע און רויִנירונג ברענגט צו דער פארגרעסערונג פון דער מאסע אָרעמשאפט בא ייִדן, צום פארגרעסערן פונעם ספעציפישן געוויכט פון ארבעטער און ארבעטנדיקע. אין „בלעטלעך פון אונדזער פארגאנגענהייט" שילדערט כ. מארגולים די פילצאָליקע פאקטן פון סאָציאלן פראָטעסט און קאמף פון די ייִדישע מאסן קעגן די ייִדישע רעדלפירער אין די 80־ער יאָרן. עס געלינגט נאָר די ראבאָנים דאָ און דאָרט צוגעבן דעם דאָזיקן פראָטעסט א פרום־ראבאָנישן כאראקטער, אָנציִען אפ אים א ראבאָניש אייַנצוימענדיקן מאנטל, אָבער די מער אקטיווע עלעמענטן פון די האָרעפאשניקעס און קוידעמקאָל די ארבעטער הויבן אָן זיך ארויסרייַסן פון אונטער דער מאכט פונעם ראָוו. עס הויבט אָן ערוואכן און דערפילן איר מענטשן-ווירדע די אלטע אויסגעמוטשעטע ייִדישע קליאטשע, הויבט אָן אויסבויגן איר רוקן און ארויסווייַזן איר פעסטן פארלאנג אראָפּוואַרפן פון איר קארק אלע עקספלואטאטאָרס, פיאווקעס און בלוט־זויגער. אבראמאָוויטשעס „קליאטשע" ווערט ניט אומזיסט דאָס געליבט ווערק, וואָס דריקט אויס דאָס ערשטע ערוואכן פונעם שקלאפ. „די קליאטשע" שטייט באם וויגעלע פון דעם אָנהויב פון דעם ערוואכן פון ייִדישן ארבעטער. עס איז א פרימיטיווער אויסדרוק פון דער ערוואכונג פון פרימיטיווע פאָלקס־עלעמענטן, וועלכע הויבן זיך אָן ערשט ציִען צום לעבן, ליכט און בילדונג, צו דער געשיכטלעכער ארענע—דער סאָציאלער פראָטעסט פון די מאסן גייט, פארשטייט זיך, ניט נאָר קעגן גוויר און רעדלפירער, נאָר אויך קעגן זייער טרייַען פארבינדעטן דעם ראָוו און קליי־קוידעש. עס טראָגט נאָך אין אָנהויב אין די 80־70־ער יאָר, א פרימיטיוון כאראקטער פון פאָלקסטימלעכער לייַכטער אפיקאָרסעס, פון אָפּשוואכן פונעם אוטאָריטעט פון נאָטס פאסטעכער, פון איינצלנע אפיקאָרסישע בונטארישע עפיזאָדן. אָבער דער קלעריקאליזם האָט מיט זייַן כוש פון רעאליום, אויסגעארבעט בא אים אין פארלויפ פון א לאנגער געשיכטע פון הערשן איבערן פאָלק, דערפילט, אז דאָס זייַנען גאָר נייַע סאָנים פון א נייַעם שניט און

קאליבער, א פיל ערנסטערע געפאר ווי די אמאָליקע באלעבאטישע מאסקילימ אונ די דוסיפיצירטע בורזשוא. דער קריגערישער ייִדישער קלעריקאליזמ וויקלט אפ דעמ געביט פאנאנדער א קאמפס־פראָגראמ, וואָס צילט זיכ אפ אויסוואָרצלענ, פארטיליקנ די ווידערשפעניקע אונ אפ ראטעווענ, איזאָלירנ פונ דער ווירקונג זייערער די בריטערע מאסע.

דער הויפט־מיטל פונ קאמפ קעגנ די אפיקאָרסימ אונ בונטאָווטשיקעס איז, פארשטייט זיכ, דאָס איבערגעבנ זיי אינ די הענט פונ דער פאָליציי אונ זשאנדארמעריע. אויב פריִער אינ דער בליצײַט פונ האסקאָלע האָבנ די ראבאָנימ פראָנדירט קעגנ די צארישע פאָרשטייער, קעגנ זייער פרײַענ אָנבינדנ ייִדנ „שקאָלעס" אונ בילדונג, איז איצט אינ פעריאָד פונ רעאקציע אונ קאָנטער־רעפאָרמענ א פולקומע סאָלידאריטעט צווישנ די דאָזיקע פינצטערע קויכעס. ניט דער מאסקיל איז איצט מעקוראָוו לעמאלכוס, ניט ער אפעלירט צו דער רעגירונגס־מאכט זי זאָל זיכ ארײַנמישנ אינ די אינווייניקסטע ייִדישע איניאָנימ—דאָס איז געווענ פריִער—אונ איצט איז דער ראָוו אונ קלעריקאל אָט דער, וועלכער שרײַט „קאראול" אונ רופט די פאָליציי צו הילפ.

„נאָר די אָרטאָדאָקסנ זײַנענ עכטע פאטריאָטנ" שרײַבנ די קלעריקאלנ „עס האָט נאָכ קיינמאָל ניט פאסירט, אז גאָטספאָרכטיקע אונ גאָטס פרומע מענטשנ זאָלנ זיכ כעווערנ מיט בונטאָווטשיקעס אונ זאָלנ ארויסווײַזנ אומגעהאָרכזאמקײַט צו צארישע באפעלנ. דערפאר אָבער איז די מענטשנ, וועלכע טרעטנ די פאָדערונגענ פונ דער טוירע, וועלכע באציִענ זיכ פארנאכלעסיק צו די אָנווײַזונגענ פונ אונדזערע כאכאָמימ ווערנ ווידערשפעניק אויכ בענעגייע צו אונדזער רעגירונג ביז ענדלעכ זיי טרעטנ ניט ארײַנ אינ די רייענ פונ אָפענע בונטאָווטשיקעס" [1]

די באקאָשע, וועלכע עס האָבנ לויט דער דירעקטיוו פונ קאָוונע דערלאנגט פאָבעדאָנאָסצעוו די לאָנדאָנער ייִדנ־אָרטאָדאָקסנ, אז די צארישע רעגירונג זאָל סאנקציאָנירנ די מאָנאָפאָליע פונעמ ייִדישנ קלעריקאליזמ ווערט מאָטיווירט מיט דער נייטיקײַט באקעמפנ דעמ אטעיִזמ אונ רעוואָליוציאָנערישקײַט בא די ייִדנ.

„אָנ אזא (רעליגיעזער) דערציִונג האָט דאָס ייִדיש קינד קיינ באגריפ ניט פונ זײַנ רעליגיע אונ ווערט דערצויגנ אינ אומגלויבנ. די ליקווידאציע פונ מעלאמדימ אָדער דאָס אײַנשטעלנ פאר זיי באזונדערע באגרענעצונגענ איז אלציינס ווי פארבאָטנ די ייִדנ געבנ זייערע קינדער א רעליגיעזע דערציִונג אונ מאפקיר זײַנ אפ אומגלויבנ אונ אטעיִזמ. וועט עס זײַנ אינ די אינטערעסנ פונ דער מעלוכע אונ דער רוסישער באפעלקערונג? דאָס אומגלויבנ פונ די ייִדנ וועט נאָכ זיכ נאָכשלעפנ ניהיליזמ אונ אטעיִזמ „אונ די פארדאָרבונג פונ די זיטנ בא דער אלגעמיינער באפעלקערונג..."

די רעזאָליוציע, וועלכע עס האָט אָנגענומענ די ראבאָנימ־באראטונג אינ פעטערבורג אינ 1887־טנ יאָר (אינ פארבינדונג מיט דער פאלענ־קאָמיסיע, וועלכע האָט באטראכט די „ייִדנ־פראגע"), אונטערגעשריבנ פונ איצכאָק עלכאָנאָנ אונ קאָמפאניע וועגנ די כאדאָרימ אונ יעשיוועס, זאָגט זיכ ארויס פאר דעמ, אז מע זאָל אינ

[1]) זאמלונג „מ׳חה בשלומ", ציטירט לויט צינבערג История евр. печати

יעשיווע צולאָזנ דאָס דערלערנענ פונ רוסישער שפראכ, אָבער אינ באזונדערע צימערנ אויסער יעשיווע אונ דער איקער איז, אז דער לערער פונ רוסיש זאָל ניט באנוצנ זיכ מיט קיינע ראָמאנענ, ווײַל „זיי זײַנענ פאסקודנע אונ ניט דערלאָזבאר פאר די, וועלכע באזוכנ די הייליקע יעשיווע". אינעם צימער, ווו מע לערנט רוסיש, טאָרנ זיכ ניט געפינענ קיינע ביכער, וועלכע האָבנ ניט קיינ ערלויבעניש־אופשריפט פונ ראָשיעשיווע, פונ דירעקטאָר.

די נייטיקײַט איבערלאָזנ דעמ אלטנ כיידער אָנ שומ ענדערונגענ ווערט מאָטיווירט אינ דער רעזאָליוציע פאר דער פאלענ־קאָמיסיע מיט דעמ, וואָס „נאָר בא די יונגע לײַט, וועלכע לערנענ זיכ אינ כיידער, איז אנטוויקלט די ליבע צו גאָט, די געפילנ פונ טרײַער אונטערטעניקײַט אונ ליבע צו אונדזער געליבטנ מאָנארכ". [1]

די קלעריקאלנ האָבנ דערפילט, אז מעסירעס איז גאָרנישט קיינ שלעכטע סכוירע, אז דער קאמפ קעגנ אפיקאָרסים אונ רעוואָליוציאָנערנ וועלכנ עס פירט די רעגירונג איז גלײַכצײַטיק אויכ זייער קאמפ, אז דאָ איז בא זיי אנ איינהײַטלעכע לאגע אונ אינטערעסנ. די ראבאָנימ אונ זייערע אָנהענגער האָבנ אינ די סינאגאָגעס אופגעפאָדערט ארויסגעבנ די בונטאָווטשיקעס די אָרגאנענ פונ דער מעלוכע־מאכט. אינ קאָוונע זײַנענ פארשפרייט געוואָרנ פראָקלאמאציעס אינ רוסיש אינ וועלכע די אָנהענגער פונ בילדונג אונ רעפאָרמענ זײַנענ דערקלערט געוואָרנ פאר בונטאָווטשיקעס אונ געפערלעכע פאר דער מעלוכע.

די קלעריקאלע באלעבאטיש־מאסקילישע באנדע האָט זיכ באזונדערס צעיושעט נאָכ די ארויסטרעטונגענ פונ דער „נאראָדנאיא וואָליא", אינ וועלכער עס האָבנ אויכ אָנטייל גענומענ יידישע רעוואָליוציאָנערנ. די קאָוונער באנדע אונ די אָרגאנענ פונ יידישנ ליבעראליזמ אונ מאסקיליזמ האָבנ געסטארעט איבעריאָגנ איינער דעמ צווייטנ אונ ווארפנ שמוצ אפ די יידישע רעוואָליוציאָנערנ. דער „ראזסוועט" האָט געשריבנ אז די יידישע רעוואָליוציאָנערנ האָבנ קיינ שומ געמיינזאמקײַט ניט מיט דעמ יידישנ פאָלק. צעדערבוימ דער רעדאקטאָר פונ „המליצ" האָט מאסקימ געווענ מיטנ צארישנ באאמטנ אז „די יידנ מיט די אלטע קאפאָטעס זײַנענ ניט אָרנטלעכ אינ זייערע געשעפטנ, זיי זײַנענ פאראזיטנ; זיי שטרעבנ אָבער ניט צו צעשטערנ די אָרדענונג. זיי שווײַגנ אונ טראָגנ מיט געדולד איבער די באגרענעצונגענ. פארקערט, די יידישע יונגע לײַט (געבילדעטע) באקומענ דאווקע רעכט אינ רוסלאנד, נאָר עס איז זיי ווייניק, זיי ווילנ ווערנ בירגער פונ דער „גאנצער וועלט" (המליצ נומ. 1879).

שווערע צײַטנ זײַנענ אָנגעקומענ פארנ צאריזמ, עס האָט זיכ אָנגעהויבנ וואקלענ דער טראָנ, די פאָרגעשריטנסטע עלעמענטנ פונ רוסלאנד האָבנ אָנגעהויבנ צו פארשטיינ, אז דער צאר איז דער גרעסטער סוינע פונעמ פאָלק. זיי האָבנ אָנגעהויבנ אופקלערנ די ברייטערע מאסנ וועגנ דער עמעסער ראָליע פונ צאריזמ, צעשטערנ די איליוזיע וועגנ צאר אלס גאָטס געזאלבטנ. איצט האָבנ די ראבאָנימ ניט געקענט באנוגענענ זיכ נאָר מיט א „האנויסנ טשואָ" וואָס מע לייענט אינ סינאגאָגע שאבעס אונ יאָנטעוו. איצט האָט מענ פונ די ראבאָנימ פארלאנגט זיי זאָלנ פירנ א „פארטיפטע" מאָרנארכיסטישע פראָפאגאנדע. די ראבאָנימ זײַנענ מוכנ

---

[1] 1910.

אומעזומענ, גרייט אויסצופילנ די באשטעלונג. די ראבאָנימ טראָגנ איצט ארויס א באשלוס דערקלערנ די טרײַקײַט צומ קייסער אלס א מיצווע „מצות מינוי מלכ". דורכ פארשיידענע ביבליע־ציטאטעס, ארויסגעריסנ פונ זייער קאָנטעקסט, דורכ פאלסיפיצירונג פונ געשיכטלעכע פאקטנ פונ דער אלטער ייִדישע געשיכטע ווערט איצט דערקלערט, אז אָנ א קייסער קענ מענ ניט זײַנ, אז האָבנ א קייסער איז א מיצווע פונ דער טוירע. די ראבאָנישע פאלסיפיקאטאָרנ מאכנ זיכ ווי זיי ווייסנ ניט, אז זייערע פאָרגייער אינ אלטנ יעהודא די סוּפרים, די פרושימ אונ טאנאָימ האָבנ אמאָל געקעמפט קעגנ דער קייסער־מאכט אינ נאָמענ פונ טעאָקראטיע, אינ נאָמענ פונ דער אליינמאכט פונ די קויהאנימ, פונ די גײַסטלעכע, נאָר דאָס איז דאָכ געווענ אמאָל, ווענ עס איז געגאנגענ א קאמפ צווישנ קעניג אונ קויהענ, אָבער איצט איז בא זיי ביידנ אי באמ צאר, אי באמ פאָפ אונ ראָוו איינ אלגעמיינער סוינע. אונ מיט דעמ גאנצנ ראבאָנישנ טוירע־אויטאָריטעט דערקלערט די כעוורע איצט, אז מאָנארכיזמ איז א מיצווע פונ דער טוירע.

ווי גענײטע יעזויטנ פארשטייט די ראבאָנישע באנדע, אז מיט דיקע פאָליִאנטנ אונ מיט אראמייִש־העברעיִשער שרײַבעכצ וועלנ זיי איצט צומ פאָשעטנ האמוינ ניט דערגרייכנ. זיי גייענ איבער אפ א פארצווײַגטע סיסטעמ פונ רעאקציאָנערער אגיטאציע—אפ פאָפולערע בראָשורנ אינ ייִדיש, אפ דער סיסטעמ פונ מאגידימ־פאָלקסרעדנער. עס אנטוויקלט זיכ אונטערנ שוצ פונ צאריזמ אינ ייִדישנ קלעריקאליזמ א „האנויִסנ טשואָ"־ליטעראטור אינ פראָזא אונ לידער. אָט איז לעמאָשל א „מאגאזינ" פונ ייִדישע לידער פאר דעמ ייִדישנ פאָלק פונ ש. בערנשטיינ 1880, ווו אינ פערזנ ווערט באזונגענ די גאנצע צארישע מישפאָכע אז „קיינ שלעכט ווינטל זאָל אפ זיי ניט וויִענ" אונ די „רוסישע מעלוכע זאָל אייביק געווערנ אָמיינ". די דאָזיקע ליטעראטור ווערט באצאלט פונ דער צארישער קאזנא. אנדערע ווערק ווערנ אפילע געדרוקט אינ רעגירונגס־דרוקערײַענ.

דער אינסטיטוט פונ מאגידימ, וואָס האָט פונ לאנג אָנ עקזיסטירט, פונ רײַזנדע רעדנער וועלכע פאָרנ ארומ איבער די ייִדישע שטעט אונ שטעטלעכ אונ האָבנ אונטערגעטראָגנ דעמ אוילעמ טוירע אונ מוסער ווערט איצט פולקומ באהערשט פונ קאָוונער צענטער. די ארבעט פונ די מאגידימ בויט זיכ איבער לויט די פאָדערונגענ פונ קלעריקאליזמ אפ דעמ געגעבענעמ עטאַפ. די מאגידימ קלײַבנ שוינ אויס פאר זייערע מאגידעס ניט נאָר די פראגנ פונ פרומקײַט, פונ קאָשער אונ טרייפ, פונ מיקווע אונ דאָס גלײַכנ, נאָר פירנ גלײַכצײַטיק א מאָנארכיסטישע פראָפאגאנדע, אגיטאציע פאר טרײַקײַט דעמ צאר אונ זײַנע באאמטע, זיי פריידיקנ א קרייצ־צוג, א הייליקע מילכאָמע קעגנ די אפיקאָרסימ אונ בונטאָװשטשיקעס.

דער קאָוונער צענטער ווי אנ אויסגעפרובירטער אָרגאניזאטאָר גיט אָפ א גרויסע אופמערקזאמקײַט דער פראגע פונ קאדרענ. איצט שטייט פאָר די אופגאבע צו דערציִענ א נײַעמ ראָוו. ער דארפ ניט זײַנ קיינ „יושב אהל" ווי אמאָל, ער דארפ איצט זײַנ גאָטס אונ צארס קאָזאק, ער דארפ זײַנ א קריגערישער אומקאָמפּראָמיסלעכער קעמפער קעגנ פרײַהײַט אונ ליכט. ער דארפ זײַנ פונעמ סטיל פונ א יעזויִט. דער קאָוונער צענטער גיט אָפ פיל אופמערקזאמקײַט דער יעשיווע־פראגע. די וואָלאָזשינער יעשיווע, וועלכע איז געווענ פונ צאריזמ פארבאָטנ, עקזיסטירט ווײַטער אומלע־

גאל. דער יעשיווע־וועזנ ווערט רעאָרגאניזירט. פאר אָנפירער דירעקטאָרנ ראָשיעשיוועס ווערנ אויסגעטיילט די בעסטע קויכעס פונ קלעריקאלנ לאגער. עס ווערט רעפאָרמירט די אלטע סיסטעמ פונ „עסנ טעג אונ שלינגענ טרערנ", עס ווערנ איינגעפירט „סטיפענדיעס" בראָדסקי אונ פאָליאקאָוו, דייטשישע אונ אמעריקאנישע יאהודימ גיבנ געלט. עס ווערט רעאָרגאניזירט די סיסטעמ פונ צוגרייטונג אונ ציל־איינשטעלונג פונ די יעשיוועס. עס איז שוינ ניט מער „טוירא לישמאָ" טוירע צוליב טוירע, נאָר די באוואָפענונג פונ די קאדרענ, וועלכע דארפנ זיינ ווי געהעריק באוואָפנט צומ קאמפ קעגנ די אָנקומענדיקע, די אלטע וועלט־צעשטערנדיקע קויכעס, קעגנ דעמאָקראטיע, סאָציאליזמ, פרייַדענקעריי, וואָס ברעכנ זיכ דורכ א וועג אויכ אינ די פינצטערע ווינקלעכ פונ דער טשערטא. די ראבאָנישע קליקע אָרדנט איינ אירע צענטראלע יעשיוועס—די צוגרייטונג פונ ראבאָנישע קלעריקאלע קאדרענ אינ די פארוואָרפנסטע שטעטלעכ וואלאָזשינ, מיר, איישישאָק, ווייט פונ די גרויסערע צענטרענ, קעדיי עס זאָל אינ די יעשיוועס ניט דורכברעכנ קיינ שטראל שיינ.

דער קאָוונער צענטר אָרגאניזירט נאָכ א ספעציעלנ אינסטיטוט. אינ קאָוונער פאָרשטאָט אינ סלאָבאָדקע אנטשטייט א קוילעל, א קאָלעקטיוו, פונ אָפגעקליבענע פארושימ פונ ספעציעל אָפגעקליבענע יונגע לייט, וועלכע דארפנ דערצויגנ ווערנ אונטער דער דירעקטער אָנפירונג פונ קאָוונער צענטר. דער סלאָבאָדקער „קוילעל" שטעלט מיט זיכ פאָר א פארייניקונג פונ די נייע יונגעלייטלעכ, וועלכע עס קלייבט אָפ יאנקעוו ליפשיצ אונ די אלטע מוסערניקעס, וועלכע עס האָבנ געהאָדעוועט אונ דרעסירט פאר זייער פינצטערער ארבעט די אָנהענגער פונ ייסראָעל סאלאנטער די מוסערניקעס. באמ סאמע אָנהויב זיינענ אינ קוילעל געווענ בא 10 יונגע לייט אונ אינ די 90־ער יאָרנ זיינענ שוינ דאָרט געווענ ביז 120. קעדיי צו כאראקטעריזירנ דעמ גרויסנ פארנעמ פונ דער דאָזיקער אונטערנעמונג איז גענוג צו אָנווייזנ אפ דעמ פאקט, אז דער דאָזיקער אנשטאלט פלעגט איינשלינגענ הונדערט טויזנט רובל יערלעכ.[1]

8

ניט אלצ דערוויסנ מיר זיכ דערווייל פונ די מעמוארנ פונעמ אָרגאניזאטאָר פונ שווארצנ קאבינעט. יעזויטנ האָבנ ניט ליב אפילע אינ זייערע מעמוארנ צו זיינ אָפנהערציק. זיי פירנ פאָליטיק אפילע פונ קייווער. נאָר דאָס ביסל, וואָס עס דעקנ אופ יאנקעוו ליפשיצעס מעמוארנ זיינענ גענוג אפ אופשטעלנ דאָס אלגעמיינע בילד פונ דער „לישקא האשכוירא" פונ צעיושעטנ יידישנ קלעריקאליזמ. דער שווארצער קאבינעט איז אנ אָרגאנישער פראָדוקט פונ דער צארישער רעאקציע פונ די 80־ער יאָרנ.

כאראקטעריסטיש זיינענ זיינע אָנפירנדיקע פיגורנ. יאנקעוו ליפשיצ דער דאָזיקער קאָוונער באלעבאטיש יידל וואָס האָט זיכ אויסערלעכ ניט אונטערשיידט פונ דער גאנצער כאָפטע יידנ אינ זשופיצעס האָט זיכ ארויסגעוויזנ אלס גרויסארטיקער אָרגאניזאטאָר פונ שווארצנ יידישנ קלעריקאליזמ. ער שטעלט איינ פארבינדונגענ מיט

[1] С. Розенфельд, И. Салантер „Пережитое" т, I

אלע שווארצע קויכעס אין רוסלאנד און אין אויסלאנד, ער ווערט דער דורכפירער פון דער צארישע רעאקציע אינעם ייִדישן לעבן. אין די לעצטע צענדליקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט און דערביַי בלייַבט ער בא דער זייַט באשיידן, פארבאָרגן פון פאָלק און פון דער געשיכטע. קאָוונע איז דער צענטער פון ייִדישן אָנפירנדיקן קלע־ריקאליזם. אהער קומען אוילע רעגל זייַנן אי ראבאָנים, אי מאגידים, אי באראָנען, אי מאסקילים. אהער קומט צונויפריידן זיך אי באראָן גינצבורג, אי דער ניַי גע־וואָרענער ייִד פראָפעסאָר באקסט, אי דער פאָטער פון „מוסער״ ייסראָעל סאלאנ־טער, אי דער רעדאקטאָר פון „המליץ״ צעדערבוים. זיי קומען מיט אָפיציעלע וויזיטן צו ייִצכאָק עלכאָנאָן, נאָר די „זאכלעכע״ שמועסן פירט ייִצכאָק עלכאָנאָנס באשיי־דענער סעקרעטאר יאנקעוו ליפשיץ. ער איז דער פירנדיקער גייַסט. ער באשטייט ניט אפ קאָוועד, ער קומט צו דעם און יענעם אין גאסט הויז. די ראבאָניש־קלע־ריקאלע פיגורן פון קאָל טפוצעס ייִסראָעל זוכן צו באקאָנען זיך מיט יאנקעוו ליפשיץ, אינטערעסירן זיך מיט זייַן מיינונג וועגן די פארשיידנסטע פראגן. ייִסראָעל סאלאנטער פארלאנגט פון אים ער זאָל אים קיין אויסלאנד שרייַבן איינמאָל א וואָכ. דער באוווּסטער ביאלאָסטאָקער ראָוו שמועל מאהילעווער לאדעט אים אייַנ קו־מען אפ א פאָר טעג און ביאלאָסטאָק צונויפריידן זיך מיט אים און מיט די „חובבי ציון״ וועלכע ער פירט אָן און אוו. און אוו. די גרויסע מאסע פון די אָנגעזעענסטע אָנפירנדיקע ראבאָנים פון רוסלאנד און אויסלאנד זייַנען ארייַנגעצויגן אין קרייַז פון ארבעט פון קאָוונער צענטער.[1] דער לאָדזער ראָוו־קלעריקאל מייַזל אטעסטירט ליפשיצן אלס „איינע פון די וויינִיקע״, וועלכע „גאָט אליין האָט קאָמאנדירט אין רוסלאנד מיט גאָטס מיסיע, קעדיי ווייַזן אלע ראבאָנים דעם וועג אפ וועלכן זיי דארפן גיין״. ייִצכאָק עלכאָנאָן אליין שטעלט אים פאָר פאר די פאָרשטייער פון די ליבעראלן אלס „זייַן ראט־געבער, אלס אויסנעמלעכ אויסגעצייכנטן מענטשן״. די שווארצע ניויאָרקער „מאָרגן־צייַטונג״ באקלאָגט אים אין נעקראָלאָג אלס דעם „מאן מיט די פעסטע פרינציפן״. אלס „די מאכט הינטערן טראָן״.

אפן טראָן איז געזעסן ייִצכאָק עלכאָנאָן, דער עלטסטער און אָנגעזעענסטער אוטאָריטעט אין דער ראבאָנישער וועלט פון יענער צייַט. ער האָט פארדעקט די גאנצע פינצטערע ארבעט פון שווארצן קאבינעט מיט זייַן „טאקט״. ער מישט זיך ניט ארייַן אין די אינווייניקסטע אָנגעלעגנהייַטן פון די אָרטיקע ראבאָנישע רעדל־פירער. ער איז ברייטהארציק. די ראבאָנים און גוטע ייִדן פילן זיך אלע אפ זייערע ערטער רוִיק און זיכער. אונטער ייִצכאָק עלכאָנאָנס שאָלעם־פליגלען לעבן זיך רוִיק, פרייַנטלעך צונויפ אלע באזונדערע צוייַגן און פראקציעס פון אָרטאָדאָקסאלן, קלע־ריקאלן ייִדנטום—כאסידים און מיסנאגדים, מוסערניקעס און פילפוליסטן, ליטווישע און פוילישע ראבאָנים און גוטע ייִדן, רוסלענדישע און אויסלענדישע ראבאָנים. דער קאָוונער שטאב עקויסטירט אלס צענטער איבער אלע אָרטיקע ראבאָניש־קלעריקאלע אָרגאניזאציעס פאר דער קאָאָרדינאציע און פאריייניקונג פון אלע פינצטערע קויכעס אינעם ייִדישן לעבן.

---

[1]) בריוו־אויסטויש מיט די ראבאָנים בייַלאגע צו „מחזיקי הדת״ ליפשיץ 1903

ייִצכאָק עלכאָנאָנ אינ דער גרעססטער אווטאָריטעט באַ די ייִדישע גווירימ פונ דער טשערטאַ אונ גרויס־בורזשואזיע פונ די רוסלענדישע צענטראַלע שטעט. ייִצכאָק עלכאָנאָנ איז דער ליבלינג פונ די ייִדישע ליבעראַלנ אונ מאסקילימ נאַציאָנאַליסטנ אונ געשמאַדטע פונ אַלע בורזשואזע עלעמענטנ, וועלכע גרופירנ זיכ איצט איבער פאַרנ געמיינזאַמענ קאַמפ קעגנ דעמ אָנקומענדיקנ פאָלקס־ערוואַכנ אינ זײַנ צאָרנ.[1] ייִצכאָק עלכאָנאָנס הויז איז דער צענטער פאַר אַלע דאָזיקע עלעמענטנ. די ייִדישע מאסקילימ קלאָגנ זיכ פאַר אימ אָפּ דער צו אַרויסרופנדיקער אופירונג פונ די ייִדישע קלעריקאַלנ. ייִצכאָק עלכאָנאָנ פונ איינ זײַט, דער שוואַרצער מיניסטער דעליאַנאָוו פונ דער אַנדערער זײַט זײַנענ ערנ־מיטגלידער פונ דער געזעלשאַפט, פאַר „פאַרשפרייטנ בילדונג באַ ייִדנ" (מופיצי השכלה). ייִצכאָק עלכאָנאָנ איז דער אָפּגאָט פונ די ייִדישע מאסקילימ.

ייִצכאָק עלכאָנאָנס קראַפט באַשטייט אינ דעמ, וואָס ער האָט פונ איינ זײַט אויסגענוצט די רעאַקציע פונ די 80־ער יאָרנ אָפּ פאַרפעסטיקנ דעמ בונד מיט די בורזשואזע אונ אינטעליגענטישע עלעמענטנ אָפּנ יעסאָד פונ זײַנ „טאַקט" אונ אַנטוויקלט בענעגייע די פאָלקס־מאַסנ די טאַקטיק פונ רעליגיעזער דעמאַגאָגיע. ייִצכאָק עלכאָנאָנ ווערט פאַרליבט פונ די מאסקילימ כעווורעס אַלס הילעלס א טאַלמיד, אַלס א פאַרלײַכטערער. ער טראָגט אַרײַנ אינ רעליגיעזנ שטייגער־פּראַקטיק באַשטימטע דערלײַכטערונגענ, אַפּישירנדיק עס אינ זײַנ ראַבאָניש־נעגידישנ אויפנ. די 70־80־ער יאָרנ האָבנ אַרויסגערופנ א סאַכ פראַגנ פונ פאַמיליענ־רעכט. די עמיגראַציע פונ ייִדנ, באַזונדערס אינ אַמעריקע האָט אונטערגעריסנ די ראַבאָנישע פאַמיליע־קויטנ, עס איז אויפגעקומענ א כוואַליע פונ פאַרשווונדענע מענער, פונ „אַגונעס" פונ כלי־צעס אונ אַלע איבעריקע באַגלייט־דערשײַנונגענ פונעמ אָנהויבנדיקנ פאַנאַנדערפאַל פונ דער אַלטער ייִדישער פאַמיליע. די ראַבאָנימ האָבנ אָפּ די ערטער מיט דער גאַנצער מאַכט פונ די דראַקאָנישע ראַבאָנימ־געזעצנ איזדעקווועט זיכ אָפּ די עלנטע, פאַרלאָזענע ייִדישע פרויענ. ייִצכאָק עלכאָנאָנ האָט דאָ אַרײַנגעטראָגנ זײַנ „מילדערונגס"־פּאָליטיק. איז אינ 1891 פאָרגעקומענ א הונגער אינ לאַנד, דערלויבט ייִצכאָק עלכאָנאָנ ברויכנ אַנשטאָט מאַצע בעבלעכ „קיטניעס"—אונ ער עסט די זעלבע „קיטניעס" דעמ ערשטנ טאָג פייסעכ—דעמאָנסטראַטיוו. שווימט אַרופ די פראַגע פאַר די ייִדישע קאָלאָניסטנ אינ פּאַלעסטינע וועגנ „שמיטע" (וועגנ זיבעטנ יאָר ווענ די ערד לויט די אַלטע דינימ האָט געזאָלט רוענ) אַנטשיידט ייִצכאָק עלכאָנאָנ די פראַגע אינ קאָמפּראָמיס־זינ, דער געזעצ וועגנ שמיטע פאַרבלײַבט, נאָר די קאָלאָניסטנ ווערנ פראַקטיש באַפרײַט דורכ געמאָרע דריידלעכ. קומט צו אימ אַנ אָרעמע ייִדענע מיט א שײַלע פונ קאָשער אונ טרייפ זוכט ייִצכאָק עלכאָנאָנ אויס א פאַרטעל ווי צו קאשערנ דאָס אָרעמ עסנ פונ דער אָרעמער אַלמאָנע, וועגנ אַזאַ ראָוו האָבנ דאָכ געטרוימט די אַלטע מאסקילימ.

די ייִדישע באַלעבעסלעכ, די מאסקילימ אונ זייער פרעסע, דער „המליצ" „וואָס־

[1] אינ זײַנע ערינערונגענ דערציילט ווינטשעווסקי (ז. 17) פונ די ערשטע יאָרנ אינ קאָוונע, אַז ער האָט „רעספּעקטירט" ייִצכאָק עלכאָנאָנען. אַזוי שטאַרק איז געווענ די ווירקונג פונ דער ראַבאָנישער דעמאַגאָגיע פונ איינ זײַט אונ פונ די מאסקילישע ווירקונגענ פונ דער אַנדערער זײַט.

כאָד" און די אנדערע האָבן נאָכ זייַנ טויט באקלאָגט ייִצכאָק עלכאָנאָנען אלס דעם „פאָלקסטימלעכנ" ראָװ, אלס „פאָלקסליבנדיקנ", „פאָלקסקלאָגער" פאָלקס־העלד, װעלכער װעט מיט דער צייַט װערנ „דער העלד פונ פאָלקס־לעגענדנ" אדג.

זייַנ „טאקט" און „טאקטיק" האָבן פארשטייט זיכ גאָרנישט געהאט צו טאָנ מיט „פאָלק" און פאָלקסטימלעכקייַט" און ניט מיט זייַנ ליבע צו אָרעמע לייַט און װייכהארציקייַט. גאנצ ריכטיק כאראקטעריזירט עס יאנקעװל ליפשיצ איז זייַנ בוכ װעגנ ייִצכאָק עלכאָנאָנען „תולדות יצחק", אז דאָס איז ניט געװענ קיינ אויסדרוק פונ „גאָר ריינער גוטסקייַט," װייַל דאָס האָט פולקומ צוגעשטימט צומ עצעמ זינ פונ די טוירע־געזעצנ. דאָס איז געװענ א אויסדרוק פונ א באשטימטער פאָליטיק, װעלכע איז געװענ דיקטירט פונ די באדינגונגענ פונ די 80־ער יאָרנ: בונד מיט די מאָדערניזירטע בורזשוא און מאסקיל, אביסל רעליגיעזע האנאָכעלעכ פאר די פרומ גלויביקע שיכטנ פונ די מאסנ און אָרגאניזאציעס פונ די קריגערישע קלעריקאלע קויכעס, איזאָליאציע פונ די אומגלויביקע, פונ די בונטארעס פונ די אופװאכנדיקע אקטיװע פאָלקס־עלעמענטנ, א פאָליטיק פונ פארכאפנ דעמ װעג, פונ ניט דערלאָזנ דעמ פאָרגעשריטענעמ קערנ פארשטארקנ זיכ און געפינענ שטיצע בא ברייטערע שיכטנ פונ די פאָלקס־מאסנ.

און אָט די דאָזיקע הייליקע דרייַאייניקייַט—ייִצכאָק עלכאָנאָנ, זייַנ זונ און יאנקעװ ליפשיצ,—דאָס איז די אָנפירונג פונעמ שװארצנ קאבינעט. זיי שאפנ א מוסטערהאפטע אָרגאניזאציע פונ קריגערישנ קלעריקאליזמ. זיי זאָרגנ זיכ װעגנ טוירע און פרומקייַט, װעגנ הילפ פאר אָפגעברענטע און פאָגראָמירטע, זיי זייַנענ די מאָנאָפאָליסטנ אפ ייִדישער פאָרשטייערשאפט פארנ צאריזמ, פאר די אויסלענדישע פילאנטראָפנ. דאָס איז א מעכטיקע אָרגאניזאציע, דורכ װעמעס הענט עס גייענ דורכ מיליאָנענ געלט, זיי פארמאָגנ א מעכטיקנ אפאראט, א קאָלאָסאלנ פאר יענער צייַט שטאט פונ באצאָלטע אגענטנ פונ רייַזנדע באפולמעכטיקטע „שליחי דרבננ", װעלכע פאָרנ ארומ איבער דער גאנצער װעלט פונ דעמ פארװאָרפנסטנ שטעטל אינ ליטע ביז ניו־יאָרק. זיי שטעלנ אופ א שטארקע קאָנספיראטיװע סיסטעמ—אינ יעדנ פונקט איז פאראנ א „פארטרויונגס־מענטש", װעלכער װערט ארויסגערופנ װענ נייטיק אינ קאָװנע און באקומט פונ ייִצכאָק עלכאָנאָנען „מונדלעכע" אָנװייַזונגענ. דער שװארצער קאבינעט מייַדט אויס שריפטלעכע אָנװייַזונגענ, װענ זיי קענענ ארייַנפאלנ אינ ניט געװונטשענע הענט. זיי האָבן צו טאָנ מיט „פארטרויונגס־מענער" מיט אָפגעקליבענע פארטרעטער אפ די ערטער. דער שװארצער קאבינעט האָט זייַנע אגענטנ־אויסשפירער אומעטומ אינ די רעדאקציעס פונ די צייַטונגענ; בא די אייגענע פארבינדעטע די גינצבורגס און פאָליאקאָװס װערנ צוגעשטעלט אייגענע מענטשנ. די דאָזיקע ברייטע אגענטור שטעלט צו אינ קאָװנע די נייטיקע אינפאָרמאציע סיסטעמאטיש און פירט דורכ די דירעקטיװנ פונ צענטער. דער צענטער ארבעט שטארק פארקאָנספירירט. װענ ער דארפ באקומענ יעדיעס פונ די פאָגראָמ־שטעט גאנװעט ער זיכ דורכ דער פאָליצייִשער אכראנע מיט זייַנע אגענטנ, װעלכע פאָרנ אינ יענע שטעט „פארקויפנ ייִצכאָק עלכאָנאָנס װערק". קיינ ארכיװ װערט ניט געהאלטנ אפנ אָרט, ער געפינט זיכ אינ זיכערע הענט—בא ליפשיצעס ברודער, א ראָװ אינ אמעריקע.

דעם קאָונער צענטר האָט קײנער ניט געקליבנ, נאָר די ראבאָנים אומעטום װארפנ זיכ אים אונטער, ער איז געװאָרנ װי ייִצכאָק עלכאָנאָנ אלײנ tacito coucensu דער אָנפירנדיקער צענטר פונ קלער. דער קאָונער צענטר האָט פונ אײנ זײַט גע־געבנ די ראבאָנים פולמאכט אפ די ערטער, ניט ארײַנגעמישט זיכ אינ זײערע אינ־װײניקסטע איניאָנים, פונ דער אנדערער זײַט האָט ער זײ קאָנטראָלירט דורכ זײַנ אװטאָריטעט אונ מאכט. קאָונע האָט באשטימט ראבאָנים פאר ייִדישע קעהילעס. פונ אײנ זײַט געגרײט ראבאָנים אינ קאָונער „קױלעל" פונ דער אנדערער זײַט האָט ייִצכאָק עלכאָנאָנס סמיכע אפ ראבאָנעס אונ ארביטראזש סאָפקאָלסאָפ באשטימט װער זאָל זײַנ א ראָװ דאָ אונ דאָרט.

דער קאָונער צענטר איז געװענ זײער טאָלעראנט צו די פארשײדענע ריכטונ-גענ אינעם קלער. ער האָט די גרױסע קראפט צו פארײניקנ אי שטול מאהילעװער דעם ראבאָנישנ אָנפירער פונ כיבאס ציאנ, אי ייִסראָעל סאלאנטער דעם גרינדער פונ מוסער, אי די גוטע ייִדנ, אי די קאָװיאָנע ראבינערס. זײַנ מאכט באשטײט אינ דעם, װאָס יענע עפּאָכע איז געװענ א איבערגאנגס־צײַט. די דעמאָקראטישע קולטור־רעלע אונ רעװאָליוציאָנערע באװעגונג האָט פארכאפּט נאָר די אױבערשטע שיכטנ פונ די פאָלקס־מאסנ, די מאסע האָט זיכ אָנגעהױבנ באװעגנ, רירנ פונ אָרט, נאָר דער איבערברוכ־מאָמענט איז נאָכ ניט געקומענ. די סאָציאַלע היסטאָרישע באדינ־גונגענ האָבנ געהאלטנ אינ אָנװאקסנ. ייִצכאָק עלכאָנאָנ האָט געטרױמט פונ איבער־שנײַדנ דעם װעג דער אָנװאקסנדיקער באװעגונג, ער האָט געטרױמט פונ א פאַ־רײניקונג פונעם גאנצנ ייִדישנ קלער אפ דער פראָגראם, װעלכער דער צענזאָר פּיאָ־דאָראָװ האָט אָנגעװיזנ—בילדונג פאר די רײַכע, בילדונג אפ א רעליגיעזנ יעסאָד. א ייִדישקײַט פונעם סטיל פונ פראנקפורטער אָרטאָדאָקסיע.

דער קאָונער צענטר האָט נאָר קאָנסאָלידירט אלע קױכעס פונ ייִדישנ קלער, ער האָט זיכ ניט ארײַנגעמישט אינ דער טעטיקײַט פונ דעם קלער אפ די ערטער אױ־סער דער ליניע פונ אלגעמײנע אופגאבנ. אפ די ערטער האָבנ געבושעװעט די ראבאָנים, ראבינער אונ גוטע ייִדנ. די גוטע ייִדנ אינ פּױלנ, ליטע, אוקראינע, װײַס־רוסלאנד האָבנ געשאָרנ דאָס אָרעמע פאָלק, אָפּגענומענ באם אָרעמאנ דעם לעצטנ גראָשנ. מיר ברענגענ אלס איליוסטראציע—אײנע פונ די פולע קאָרעספּאָנדענצנ פונ די ערטער אינ דער ייִדישער פּרעסע—א קאָרעספּאָנדענצ פונ בעלאָצערקאָװ אינ װאָסכאָד" [1] „װאָס פאר א שרעקלעכנ רעגרעס באמערקנ מיר אינ רעליגיעזנ לעבנ פונ אונדזער גלױבנסגענאָסנ" (ער פארגלײַכט מיט די 60־70־ער יאָרנ װענ דער קורס פונ די גוטע ייִדנ איז געװענ געפאלנ)... אינ א פארקערטער פּראָפּאָרצ צו דער באגרענעצונג פונ דער ספערע פונ אונדזערע בירגערלעכע רעכט װאקסט דער צאדיקיזם אונ מיט אים דער פאנאטיזם פונ די מאסנ" „אומעטום שטארבט די מאסע בוכשטעבלעכ פונ הונגער אונ די דאָזיקע שאקאלנ סמאָקטשענ בא איר אױס די לעצטע זאפטנ אונ װאָס פאר א שאנדע איז עס, װענ א דרײַצניאָריקער צאדיקל (דער טאלנער יענוקע) סמאָקטשעט אױס א דרײַסיק־טױזנטיקע מאסע" די גוטע ייִדנ, די דינאסטיעס פונ אָװרוטש, טאלנע, גארנאסטײַפּל אינ אוקראינע, די ליובאָװיט־שער, קאפּיסער אונ ליאדיער אונ װײַסרוסלאנד, די ארכי־מעכטיקע גוטייִדיש־פירשטער־לעכע הױפנ אינ פּױלנ האָבנ זיכ צעלײגט אינ דער גרײס אונ אינ דער ברײט אפ די הונגערפעלדער. אינ די „טױטע שטעט" פונ דער ייִדישער טשערטא, הױכ געװאקסנ אפ די הױװנס פונ דער רעאקציע פונ אלעקסאנדער דעם דריטנ. די ייִדישע אָרעמע לײַט האָבנ די לעצטע בעבעכעס פארמאשקנט אונ געטראָגנ דעם רעבנ „פּידיונעס" אױסקױפ־געלט פאר די גרױסע זינד אונ אװאנסנ פאר די קומענדיקע גרױסע גליקנ. אינ רעבע נאָכנ צװײטנ פלעגנ קומענ אינ שטעטל ארײַנ אונ ארומנעמענ זי, נאָכ זײער

[1]) נערעלנאיא כראָניקא װאָסכאָדא 1885 נומ. 37

אָפּפאָרן פלעגט דאָס שטעטל אויסזעען ווי נאָכן אוועקגיין פון א פײַנטלעכן אָקופּאנט. דער קאָרעספּאָנדענט פון בעלאָצערקאָוו דערציילט פון א גוטן ייִדן א פאראליזירטן, וועלכער פאָרט ארום איבער די שטעט אין א וועגעלע, טיילט אינמיטן גאס זײַנע „בראָכעס" און כאפּט די מאטבייע.

די גרויסע מאסע פון קלעריקאלע היישעריקן פלעגט ארומכאפּן דעם גאנצן לעבן פון שטעטל, פלעגט אָפּרעכענען זיך אפן סאמע מערדערישן אויפן מיט די קעגנער פון קלער. אָט האָט איידל א קרעמער ארויסגעזאָגט א זידל־וואָרט אפן אדרעס פון אָוורוטשער גוטנייִדן, איז זײַן „גזאר דינ" געוואָרן גלײַך אונטערגעשריבן. עס האָבן זיך געפונען כאסידים, וואָס האָבן אים פארמאסערט, פאלש געשוואָרן און פאריאָגט דעם „בונטאָווששיק" קיין סיביר ארײַן. איז א אומגלויביקער געשטאָרבן האָט מען אים באגראָבן הינטערן פלאנקען, איזדעקעוועט זיך אפן טויטן קערפּער, געטראָטן מיט די פיס.

דאָס זײַנען אלץ געווען נאטירלעכע שטייגער־דערשײַנונגען, וועלכע דער קאָוונער צענטר האָט ניט געטראכט אפילע אָנצורירן. ער האָט נאָך פון אויבן געפּרוווט צו פארייניקן אין איין קלעריקאלע געבײַדע די פילפארביקע און צעבראָקלטע ראַבאָנישע מאָזאיק. דער קאָוונער שווארצער קאבינעט האָט אלץ געטאָן, קעדיי טרײַ אויספילן די דירעקטיוון פון צאריזם, טרײַ דינען דער מאכט — עס איז אים אָבער ניט געלונגען. דער פּראָצעס פון אופוואכן פון די פאָלקס־מאסן איז מעכטיק געגאנגען פאָרויס. עס האָט ניט געהאָלפן דער איבערגאנג פון די מאסקילים מיט זייער פּרעסע „האמייליץ" „האצפירא", אפ דער זײַט פון ייִדישן קלער, עס האָט ניט געהאָלפן דאָס צעגראָמירן די יונגע און שוואכע ראדיקאלע באוועגונג פון די 70־ער יאָרן, דאָס אָפּרעכענען זיך מיט די מוטיקע, דער פאראָט פון די אנדערע ווי מ. ל. לילענבלום — די אידייען פון פרײַהײַט, דעמאָקראטיע, אומגלויביקײַט, בילדונג און אופקלערונג האָבן ארײַנגעדרונגען אין די מאסן. אנשטאָט די איינצלנע „אפּיקאָרסים" וואָס עס האָט פריִער פארמאָגט יעדער ייִדישער פונקט באווײַזן זיך באשטימטע גרופּן, אנשטאָט אינדיווידועלע דערשײַנונגען — דערשײַנונגען פון א פארהעלטניסמעסיקן מאסאָווען כאראקטער. די דאָזיקע ברייטערע עלעמענטן פעלט נאָך אָנפירנדיקע אידייען, אָרגאניזאציע — דאָס וועלן זיי באלד באקומען מיטן אנטשטיין פונעם ארבעטער־קלאס אין דער אויסבילדונג פון דער פּראָלעטארישער אָנפירנדיקער פארטיי, פונעם באָלשעוויזם. אָבער שוין איצט אין די סאמע שווארצע 80־ער יאָרן קומט שוין פאָר אין די טיפענישן פון די פאָלקס־מאסן אן ערוואכונג־פּראָצעס. אָט שרײַבט דער קאָרעספּאָנדענט פון נעדעלנאיא כראָניקא וואָסכאָדא אין 1885 זײַנע אײַנדריקן פונעם באזוכן ווײַסרוסלאנד: „די סינאגאָגעס פוסטעווען קימאט. כאדאָרים איז געוואָרן ווייניקער. דערפאר פארגרעסערט זיך מיט יעדן יאָר די צאָל פון אונדזערע ייִנגלעך און מיידלעך, וועלכע לערנען זיך אין די שטאָטישע, אויעזדנע און פריכאָדסקע שולן און אויב מע וואָלט ניט געשטעלט קיין שטערענישן אפן וועג, וואָלטן אלע שולן געווען איבערפולט מיט ייִדישע קינדער". [1]

דער קראָט פון דער געשיכטע האָט געטאָן זײַן ארבעט, אונטערגעגראָבן דעם גאנצן בנין פון אָבסקוראנטיזם און רעאקציע. די ערוואכונג פון די ייִדישע פאָלקס־מאסן אלס באשטאנדטייל פונעם אלגעמיינעם ערוואכן פון די הונדערטער מיליאָנען רוסישע שקלאפן האָט צונישט געמאכט אלע פארשווערונגען פון די פינצטערע שטאבן פון באָבעדאָנאָסצעווס ביזן קאָוונער „שווארצן קאבינעט". די קאָוונער רעדלפירער האָבן עס אליין דערפילט אינמיטן פון די 90־ער יאָרן.

דער קאמף טרעט ארײַן אין א נײַעם עטאפּ.

---

[1] נער. כראָניקא וואָסכאָדא נומ. 44

# ביבליאָגראפיע

אָשער שווארצמאנ—„אַלע לידער“. צונויפגעשטעלט ד. האָפשטיינ. 118 זייַטנ.

אינעם פרעכטיקנ ביכעלע „אַלע לידער“ פונעם דיכטער אָשער שווארצמאנ איז צונויפגעזאמלט כראָנאָלאָגיש זייַנ גאנצער פּאָעטישער פארמעגנ.

א קורצער לעבנס־וועג פונ 30 יאָר. פונ זיי אינגאנצנ קנאפע 10 יאָר פונ פּאָע־טישנ לעבנ. די דאָזיקע איידעלע פּאָעטישע נאטור האָט א שטיק לעבנ אָפּגעגעבנ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע, אונ אומגעקומענ איז דער דיכטער העראָיש מיט דער ביקס אינ האנט פאר דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע.

שווארצמאנס פּאָעטישער טאלאנט האָט ניט געוווּסט פונ לידער, וואָס זייַנענ נאָכ ניט אויסגעוואָרעמט, אָדער ווי מיר רופנ עס אָנ דער פּעריאָד פונ אָנפאנגע־רישקייַט. פונ דער ערשטער ליד אָנ איז בא שווארצמאנענ פאראנ טמימעסדיקער כיינ, אומרויִקע פארזאָרגטקייַט, פילבארקייַט צו נאטור.

שוינ אינ דער ערשטער ליד „די קרעטשמע“ (1908 יאָר) פארכאפּט דעם דיכטער יענע פּראָבלעמ, וועלכע איז באזונדערס כאראקטעריסטיש אינ עלטער פונ יוגנט־לעכקייַט. ווענ מע באווייַזט נאָכ ניט ארופטרעטנ אפנ שוועל פונ לעבנ אזוי דערפילט מענ שוינ דאָס, וואָס עס איז טיפ פארבאָרגנ אינעם לעבנ. די נאטור איז אייביק יונג, פריש, אָבער דאָס לעבנ „די אלטע אמאָליקע קרעטשמע... „ווי לעהאוודל א מענטש אפ דער עלטער“. די דאָזיקע שטימונג באקומט פארשיידענע שאטירונגענ. זי ווערט דערוואָרעמט פונ ליבע־געפילנ, פונ ליבע צו דער נאטור.

אינ די ליכטיקסטע פארבנ, וואָס שווארצמאנ נעמט אופ אינ דער נאטור איז פאראנ נאָכ דאָס, וואָס גייט אָפּ, וואָס פארשווינדט:

א שטראל פונ דער זונ האָט א כוואליע געקושט
מיט ליפּנ פונ רייִנעמ גינגאָלד;
א שפּרונג האָט די כוואליע געטאָנ ווי צעמישט
אונ לעבנ שוינ מער ניט געוואָלט. (1908־1909)

זייַנ יונגע נעשאָמע זוכט עפּעס אזוינס, וואָס ער קאָנ ניט געפינענ ניט אינ דער נאטור, ניט אינ די ייִנגסטע ליבע־געפילנ; דאָס שיינע, דאָס זויבערע איז א מאָ־מענטאלע זאכ, מעגלעכ אנ איליוזאָרישע. אלצ איז אָפּגייענדיק אונ מוז פארשווינדנ:

איכ האָב געזענ א ווייַסנ שניי
א ווייכע רייִנע, קלאָרע דעק,
נאָרווּאָס פונ הימל אָנ איינ ריר, אָנ איינ פלעק...

נאָר כ׳קוק זיך צו: א שטשערב אין שווערד
און—ווי—אין שניי א פלעק,
׳זוי טוט מיר באנק—
א שיינער כאָלעם איז אוועק (1909)

די זעלבע איבערלעבונגען דרינגען דורך אויך אין די ליבע־געפילן פונעם יונגן דיכטער:

כ׳ווייס עס איז א לעבנס־וועלע
פרי געקומען, גיך פארשוואונדן

מיט אזעלכע אויגן קוקט שווארצמאן אף דער וועלט, וואָס איז פול מיט אומעט. דאָס הארץ איז אָנגעפילט מיט א שווערן געפיל. און טיף פארבאָרגן ליגט שוין באם דיכטער א געפיל פון עפעס א נײַס, וואָס דארף אָנקומען:

אינעם אופגערעגטן הימל
אזויפיל כידעשדיקע וועלטן!
אינעם אופגערירטן הארצן
אזויפיל מוט צו טאט און לעבן,
אז ס׳האָט מײַן בלוט געזאָטן
און מײַן קויך אין מיר געשטיקט זיך (1911)

שוין אין די יאָרן פון קאזארמע־לעבן ווערט שווארצמאנס מוזע שטורעמדיקער. די געפילן ווערן אויסדריקלעכער, די בענקשאפט א שטארקערע. וואָס נעענטער צו דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אלץ מער הויבט אָן דעם דיכטערס אויער דערפילן „דאָס רוישן פון כוואליעס פון ווײַטע, וואָס טראָגט זיך צום ברעג". אין דער לי־רישער סטראָפע גיסן זיך ארײַן ליכטיקע מאָטיוון אין א סאָציאלער שײַן. די רע־וואָליוציע איז אן אידעאל נאָך ניט קיין קלאָרער, אָבער צו וואָס דעם דיכטער האָט געצויגן.

שווארצמאן זינגט וועגן זײַן ברודער דעם רעוואָליוציאָנער, וואָס איז אומגעקו־מען אין דער רעוואָליוציע, ווי: „א זון־באשײַנטער ריז... מיט אויסגעשפרייטער האנט אף גאָרער וועלט" (1918). זײַן ברודערס טויט האָט געלאָזן גאנץ טיפע קארבן אינעם דיכטערס מויעך. אין א צווייטער ליד זינגט ער ווידער וועגן זײַן ברודער:

מיט פײַערדיקע אויסיעס געקרייצט
ועט שטענדיק זײַן
אין הארץ בא מיר דײַן פײַן (1919)

ווער ווייס ניט שווארצמאנס ליד „אין אופשטאנד", „פרילינג", די „פינצטערע נאכט" און די לעצטע אקאָרד־ליד „דער סוינע בא די טויערן".

דער סוינע האָט פיזיש אומגעבראכט א גרויסן דיכטער. זײַנע לידער אָבער קע־נען קיינמאָל ניט פארוועלקן.

דאָס ביכעלע איז ארויסגעגעבן פײַן, מיט געשמאַק.

צום סאָף ווערט אויך געגעבן א היפשע צאָל לידער איבערגעזעצט אין אוקראַי־ניש. די לידער האָט איבערגעזעצט דער אוקראַינישער דיכטער פ. טיטשינא.

אי. ר.

